# שלמה גארגעל

אפערעטטע אין 4 אקטען 9 בילדער.



# ШЛОМА ГОРГЕЛЬ

Оперетта въ 4-хъ дѣйствіяхъ 9-іи картинахъ.

Варшава 1907.

Тип. Н. Старовольскаго Гусья 18.

# די פּערזאָנען:

שלמה גאָרגעל:

| | |
|---|---|
| הדסה: | זיין טאָכטער |
| גיטעלע: | אַרייכע בעקערין אַ אלמנה |
| משולם: | איהר זוהן |
| שלמה: | אַ בעקער-יונג |
| שפרה: | אַ הויז-מיידעל ביי גיטעלען |
| עוריאל: | אַ גנב |
| חוה: | אַ אָרעמע אַלמנה |
| חזן: | |
| פּרעזידענט: | |
| אַדוואָקאַט: | |
| מאטראָנאַ: | וועכטערין אין געפענגנים |
| זשאנדאַרם: | |

בעקער-יונגען, בעקער-מיידלעך, געסט, בטלנים.

## ערשטער אקט.

(געריכטס-זאאל, פרעזידענט, אדוואקאט, ריכטער, פאלק).

**פרעזידענט:** איך ערקלער דאס געריכט פאר ערעפנעט, דער פער-טהיידיגער פון דער פעראורטהיילטע יודין הדסה גארגעל, וועל-כע פאר 17 יאהר אלס קינדער מערדערין צום לעבענס-לאנגליכען קערקער פעראורטהיילט וואר, האט דאס ווארט!

**אדוואקאט:** דער פאטער פון דער אונגליקליכער פעראורטהיילטע, א ארעמער גאססען-מוזיקאנט, איז צו מיר געקומען אונד מיר גערופען צום שטערבע בעט פון עזריאל לאנדוי. דיזער עזריאל, האט מיר ערצעהלט דאס מיט 17 יאהר צוריק איז א רייכער יוד צו איהם געקומען און איהם געגעבען 200 גולדען ער זאל אוועק-גנבה'נען דאס קינד ביי די ארעמע פרוי און זאל עס איהם איבערגעבען. דאס קינד האט מען געגנב'הט ביי דער מוטער בשעה זי איז געוועזען אין חלשות און א טוידטעס קינד האט מען איהר אונטערגעווארפען, דאן האט עס געהייסען, די מוטער האט דאס קינד ערמארדעט און מען האט איהר אלס קינדער-מערדערין פעראורטהיילט.

**פרעז׳:** קען דער קראנקע מאן דא קומען אום עדות צו זאגען?

**אדוו׳:** דעם אלטען פערברעכער געהט עס בעססער, און ער וועט זיך ניט ענטזאגען פאר דעם געריכט צו ערשיינען.

**פרעז׳:** די זשאנדארען זאללען עזריאל לאנדוי אינס געריכט ברענ-גען, צו גלייכער צייט זאל מען די געפאנגענע ברענגען (זשאנדארען אב).

**אדוו׳:** הער פרעזידענט! ווי מען זעהט פון דעם פראטאקאל, האט דער ריכטער דעם עדות עזריאל לאנדוי, צו יענער צייט אויך זעהר וועניג גלויבען געשענקט, און ווען די אנגעקלאגטע זאל דאמאלס ניט אליין געשטעהען דאס זי איז דעם מארד בעגאנגען, וואלט איך זיכער געקענט בעפרייען מיין קליענטין, יעצט אבער האף איך איהר אונשולד אזוי קלאר ווי דער טאג צו בעווייזען, און בין זיכער דאס געריכט וועט די אונשולדיגע בעפרייען,

**פרעז׳:** דאָס געריכט וועט געווים טהון דאָס, וואָס דאָס רעכט און געזעץ פאָרערט (אויפטרים: דיענער, הדסה, מאַטראנא).

**מאטראנא:** העד פרעזידענט! דאָ איז די נומער 49 וועלכע איך האָב געבראַכט נאָך אייער פערלאַנג.

**פרעז׳:** הדסה גאָרגעל! מיט 17 יאָהר צוריק ביסטו וועגען אַ שווערעס פערברעכען געווען איינגעקלאָגט און פעראורטהיילט, יעצט געפינט דאָס געריכט פאַר נויטיג נאָך אַמאָל צו דיינע טרויעריגע פערגאַנגענהייט צוריק צוקומען.

**אדון׳:** הדסה! דו פערשטעהסט וואָס דער העד פרעזידענט זאָגט דיר? (הדסה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ).

**פרעז׳:** הויב אויף דיינע אויגען און זעה דיין פערטהיידיגער.

**אדון׳:** הדסה! קענסטו זיך דערמאָנען אָן מיר? (זי שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ניין) קענסטו זיך דערמאָנען ווען איך האָב דיר פאַר 17 יאָהר פערטהיידיגט? (זי ציהט מיט די פּלייצעס, ווייסט ניט).

**פרעז׳:** פאַר וואָס רעדסטו ניט?

**מאטראנא:** ענטשולדיגט, העד פרעזידענט! לויט דאָס געזעץ פון געפענגנים דאַרף קיין געפאַנגענער ריידען, יעדע אַנטוואָרט מוס ער געבען נור דורך אַ צייכען, דער נומער 49 איז זעהר בראַווע ער האָט זיך קיינמאָל ניט פערזינדיגט געגען דעם געפענגנים־געזעץ.

**פרעז׳:** יעצט קענסטו ריידען! — זאָג! ביסטו אַמאָל געווען פעראורטהיילט?!

**הדסה:** איך האָב שוין לאַנג פערגעסען וואָס איך בין אַמאָל געווען...

**אדון׳:** הדסה! דו בינסט נאָך זעהר יונג געווען ווען דו האָסט געהייראַטעט, און דו האָסט דיין מאַן זעהר געליעבט?

**הדסה:** ס'איז נור אַ חָלום געווען, מיר חָלומט נאָך איצט אַז איך ליעב איהם.

**אדון׳:** דו האָסט געהאַט אַ קינד פון דיין מאַן?

**הדסה:** אויך דאָס איז נאָר אַ חלום געווען!

**פרעז׳:** און דו האָסט דאָס קינד ערמאָרדעט?

**הדסה:** אויך נור אַ חלום געווען, איך האָב די אַלע חלומות שוין לאַנג פערגעסען, מיינע הערען! לאָזט מיך צוריק געהען אין מיין צעלט, נאָך וואָס מיר דערמאָנען אָן פוסטע חלומות? לאָזט מיך אהיים געהען — גוטע וועכטערין נעהמט מיך אַ היים!

**אדון׳:** הדסה! ענטפער בעסער אויף דעם וואָס מען פרעגט דיך, וועט מען דיר לאָזען געהן צו דיר אַ היים.

**הדסה:** צו מיר אַ היים? וואוא האָב איך דען אַ היים? מאַן היים איז

שוין לאַנג, לאַנג טוידט! טוידט פֿאַר מיר, טוידט פֿאַר די וועלט! איך האָב קיינעם ניט מעהר אויף דער וועלט, און די וועלט האָט גאָר ניט אין מיר.

**אדווי׳:** האָסטו ניט אַ טאַטען וואָס איז איבערצייגט אין דיין אונשולד??

**הדסה:** יאָ! יאָ!... ער האַלט מיר פֿאַר אונשולדיג, ריין ווי אַ מלאַך, יעדער טאַטע איז איבער זיין קינד גענאַרט.

**פּרעז׳:** ווי אַזוי ווייסט דו אַז דיין טאַטע האַלט דיך פֿאַר אונשולדיג?

**הדסה:** ער האָט מיר די ערשטע פֿאָר יאָהר אַלע חודש געשריבען (ציינט פאפיער) דאָס איז מיין היילינגטום, מיין נר תמיד, מיין לעבעדיגער קבר, דאָ זענען אַפּאָר קאָמפּאָזיציעס וואָס איך פֿלעג מיט איהם זינגען, ווען דער טאַטע איז נאָך חזן געוועזען.

**פּרעז׳:** פֿון אַנדערע זאַכען, צום ביישפּיעל וואו דיין מאַן איז? אָדער וואָס ער טוט פֿאַר דיר אום דיר צו בעפֿרייען, האָט ער דיר אויך געשריבען?

**הדסה:** וועה איז מיר! וואָס פֿרעגט איהר? ערשטענס ווי טאָר מען אַזעלכעס שרייבען צו אַזאַ פֿערברעכערין? צווייטענס ווער מיין מאַן איז געוועזען חיים קיינער ניט, אַפֿילו איך אַליין האָב איהם נור אַ ל י י ן געקענט, זיין משפּחה ניט, און גאָט זיי דאַנק וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, וואָס פֿאַר אַ בושה וואָלט איצט מיין מאַן און זיין משפּחה געהאַט איבער מיר.

**פּרעז׳:** בינסטו ווירקליך די מערדערין פֿון דיין קינד?

**הדסה:** ווער דען האָט מיין קינד געקענט ערמאָרדען? איך ווייס אַזוי פֿיעל אַז איך האָב מיר געלייגט אין בעט מיט דעם געדאַנק אַז איך זאָל מיין פּיצעלע דערהרג׳ענען, עס זאָל ניט דאַרפֿען אויף דער וועלט אַזוי פֿיעל לײַדען ווי איך, זיין מאַמע! און ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט איז עס געוועזען טוידט! נו, ווער האָט דאָס געקענט אַ אַנדערער טהון פֿאַר מיר?

**אדווי׳:** ביסט דו זיכער אַז דאָס טוידטע קינד איז דיינס געוועזען?

**הדסה:** זאָל דען אַ מוטער אויך צווייפֿלען אין איהר קינד צו עס איז איהרעס? און ווידער מיין קינד וואָלט איך געקענט ער־קענען צווישען טויזענד, ווייל עס איז געבאָרען געוואָרען מיט אַ פֿעהלער; ביים רעכטען אויער האָט געפֿעהלט דאָס אויער־לעפּעלע און איך האָב מיך זעהר געזאָרגט דעריבער, דען פֿאַר אַ מיידעל איז דאָס אַ גרויסער חסרון, זי וועט נישט קענען טראָגען קיין אויררינגלעך.

**אדווי׳:** נאָכדעם ווי מען האָט דאָס קינד געפֿונען טוידט האָסטו ניט בעמערקט אויב עס האָט נאָך געהאַט דעם זעלבען פֿעהלער.

**הדסה:** וואו האָב איך דען צייט געהאַט? ווען איך האָב מיר אויפֿ־

געכאַפּט פון מײַן חלש'ן, בין איך געווען אין שפּיטאַל, און פון דאָרט האָט מען מיר אַוועקגעפיהרט אין קרימינאַל אַריין, און מעהר האָב איך די ליבּטיגע וועלט ניט געזעהען (אויפשריט עזריאל, זשאַנדאַרען).

**זשאַנדאַרען:** העֶר פּרעזידענט, עזריאל לאַנדוי!

**פּרעז':** וועכטערין, פיהרט אָב די געפאַנגענע אין אַ זײַטען צימער (מאַטראָנא הדסה אַב) עזריאל לאַנדוי! קום אַהער, וואָס פאַר אַ נײַע עדות ביסטו בעריײַט אָבצוגעבען אין דער אַנגעלעגענהײַט פון די פערורטײַלטע הדסה גאָרגעל?

**עזריאל:** העֶר פּרעזידענט! איך פּראָטעסטיר געגען דער אונגערע-רעכטיגקײַט, אַ קראַנקען מאַן פון בעט צו רײַסען און פאַר'ן גע-ריכט אַלס עדות צו שלעפען. עס איז אַ אינטריגע פונ'ם אַדוואָ-קאַט, איך פּראָטעסטיר!

**אדוו':** העֶר פּרעזידענט! איך פּראָטעסטירע דעם מאַן זאָל ערלויבט זײַן אַזוי דאָ צו רעדען, מען דאַרף איהם געבען צו פערשטעהען, אַז ניט אַלס עדות איז ער דאָ גערופען נור אַלס אַנגעקלאָגטער און ער זאָל זיך פערטײַדיגען פאַר פאַלש שווערען, געגרינדעט אויף זײַנע אײַגענע שריפטליכע בעווײַזע, בעשטעטיגט דורך אַ נאָטאַר, היער איז עס! (צייגט שריפט).

**עזריאל:** עס איז אַליגען! איך האָב דאָס פּאַפּיער ניט אונטערגע-שריבען! און ווען יאַ?! בין איך געווען אין אַזאַ צושטאַנד אַז איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך שרײַב.

**אדוו':** איהם זײַט געווען בײַם פולען פערשטאַנד, איך קען עס בעווײַזען! העֶר פּרעזידענט, איך בעט פאָררופען דעם עדות שלמה גאָרגעל.

**פּרעז':** (רופט) שלמה גאָרגעל זאָל ערשײַנען! (צו עזריאל) זעצט אײַך! (גאָרגעל ערשיינט) ווי הײַסט איהר?

**גארגעל:** שלמה גאָרגעל, הויפמוזיקאַנט!

**פּרעז':** וואָס זײַט איהר האָפמוזיקאַנט?!...

**גארגעל:** מען רופט מיר הויפמוזיקאַנט, ווײַל איך שפּיעל אויף די הויפען פון גוטע מענשען!...

**פּרעז':** נון העֶר הויפמוזיקאַנט, ערצעהלט אונס דאָס וואָס איהר ווײַסט פון די געשיכטע.

**גארגעל:** איהר מוז מיר מוחל זײַן, דאָס איז צופיעל כבוד פאַר מיר! און דען בין איך זעהר אַ קלײַנער בעל לשון, פּויליש האָב איך ניט געלערנט און דײַטש קען איך ניט, אויף פּראָסט מאַמע לשון אויב איהר ווילט, קען איך אײַך אַלסדינג ערצעהלען.

**פּרעז':** איהר קענט רײַדען ווי אײַער צונג איז געוואַקסען און וואָס מיר

וועלען ניט פערשטעהען וועט אונס דער אדוואקאט ערקלערען, אלזא ערצעהלט אלסדינג וואס איהר ווייסט.

**נארגעל**: איך וויל די פריצים אלס ערצעהלען, פון אלף ביז תיו. בראשית זאלען די פריצים וויסען אז גארגעל איז ניט קיין געבוי־רענער כלי זמר, איך בין געוועזען אלע מיינע יאהרען חזן אין נייעם בית המדרש, גארגעלס „ומפני חטאינו" און גארגעלס „אתה זוכר מעשה עולם" האט געמאכט א רעש אויף ארבע פנות עולם, מיין קול איז געוועזען—א קול שופר, מיין שטייגער האט איבערגע־שטייגט אלע שטייגערס, און דערצו בין איך נאך געוועזען מיט א סך מעלות, — איך האב גוט געשפיעלט אויף א פלייט, בין געוועזען א טייערער שפיעלער אויפ'ן פידעל און אין בדחנות בין איך אויך ניט געוועזען אוועק צומאכען מיט דער האנד, מיינע גראמען האט מען ארומגעטראגען ביי אלע גוטע אידען אויף די טישען.

**אדוו'**: גענוג! מיר האבען געוואלט וויסען וואס מיט אייער טאכטער איז געשעהן.

**נארגעל**: טאקי דערביי האלט איך איצט!... זי איז געוועזען א קינד' א פיינס, א שיינ'ס, אריינ'ס, א קינד מיט אלע מעלות א קול'כיל האט זי געהאט א בעסער'ס פונ'ם טאטען, אזוי ווי זי הערט ניט אזוי זאל איהר ניט שאטען. ווען איך פלעג איהר איבערזינגען מיינע זאכען, איז די גאנצע שטאדט געלעגען ביי מיינע פענסטער...

**אדוו'**: ניט דאס ווילען מיר וויסען, ערצעהל וואס מיט דיין טאכ־טער איז געשעהן!

**נארגעל**: טאקי דערביי האלט איך איצט!.. מיט א יאהר 18 צוריק, אויב איהר געדענקט, איז געוועזען די גזרה החתונות, אז א מאמע האט געשיקט איהר טאכטער מיט א פענדיל נאך מילך קויפען, איז זי א היים געקומען א פערשלייערטע, אלע מלמדים זענען גע־ווארען מסדרי קידושינ'ס און אלע שמשים זענען געווארען גם שרייבער'ס, וואו מען האט נאר געטראפען א בתולה מיט א בחור, איז דאס ערשטע געוועזען שטעלען א חופה. ווי דער שטיי־גער איז, די גזרה איז בטל געווארען, און קבצנים האבען אנגעהייבען צו וואקסען, ג'טין זענען געשריעבען געווארען או'פ'ן טוץ...

**אדוו'**: אבער גענוג! מיר ווילען הערען וואס מיט אייער טאכטער איז געשעהן!

**נארגעל**: טאקי דערביי האלט איך איצט!.. פלוצים האט מיין הדסה אנגעהייבען פיינט צו האבען פלייש, טאג און נאכט האט זיך איהר געגלוסט לא עליכם צו קרעכצען, דאס איז מיר גלייך שטארק אין די נאז אריין. איין מאל קום איך א היים, טרעף איך מיין הדסה פערוויינט, פרעג איך איהר — וואס מיין קינד? וואס פאר

אַ תִּשְׁעָה בְּאָב איז הײַנט בײַ דיר ? .. מיט אַ מאָל לאָזט זי אַרױס
אַ געװײן גאָר ניט מיט איהר קול און זאָגט, טאַטע זײַ מיר גע־
זונד, איך מוז אַװעק פֿון דער הײם, איך קען מיר מעהר נישט
בעהאַלטען... — װאָס איז דאָס אַזױנ'ס טאָכטער ? זאָג דעם
טאַטען אפשר האָב איך אַ סגולה דערצו ? לאָזט זי אַרױס נאָך
אַ גרעסערען געװײן און זאָגט בזה הלשון — זאָלסט װיסען טאַטע
אַז שױן זײַט 2 יאָהר האָט אַ יונגערמאַן זיך אין מיר פֿערליבט
און איך אין איהם נאָך מעהר, װען די גְזֵרָה חֲתוּנות איז געװען,
האָבען מיר די געלעגענהײט בענוצט און שטילערהײט חֲתוּנָה
געהאַט און פֿון איהם טראָג איך איצט דאָס קינד אונטער מײַן
האַרצען ! — מַזָל טוֹב מײַן קינד ! — האָב איך אַ געשרײַ געטהון !
פֿאַר װאָס דערױבער װײנען ? — נעמט זי אַרױס אַ בריעף מיט
אַ גֶט און זאָגט מיר : — הײַנט האָט אַ שָׁלִיחַ מְיוּחָד מיר געבראַכט
דעם בריעף מיט'ן גֶט, ער שרײַבט מיר זײַן פֿאָטער האָט זיך
דערװאוסט פֿון זײַן חֲתוּנָה האָבען, האָט ער איהם געהרג'ט, גע־
שלאָגען און האָט איהם געצװאונגען מיר דעם גֶט צו שיקען, און
זי האָט זיך אַזױ צװױינט, אַז עס האָט מיך אױש מײַן הערץ
פֿערקלעמט און איך האָב מיט איהר מיט געװײנט, אַזױ זענען אַ
װאָך אַ פּאָאָר טאָג, זי האָט געקלאָגט, איך האָב געװײנט, כּמעט
האָבען מיר געיאָמערט, ביז מײַן טאָכטער איז מיט אַמאָל גֶעלם
געװאָרען ! מיט אַ צײַט שפּעטער בין איך געװאָהר געװאָרען אַז מײַן
טאָכטער זיצט אין קרימענאַל (װיינט) פֿער'משפּט פֿאַר קינדער־
מערדערײַ.

**ארון׳** : צו װאָס נוצט אײַך דאָס װײנען ? ! ערצעהלט אין קורצען דאָס
ענדע.

**גאַרגעל** : טאַקע דערבײַ האַלט איך איצט !.. בקיצור, מיך האָט מען
אָבגעזאָגט פֿון חַזָנוּת, און איך בין געװאָרען פֿאַר צָרוֹת אַ שִׁיכּוֹר
װי איהר זעהט מיך הײַנט שטעהען, און מיט מײַן פֿידעלע געה
איך אַרום אין די שײַנקען אין בירהאַלעס, אין קרעטשמעס, און
פֿערדין מיר מײַן ברױט און מײַן טרונק בראַנפֿען ! דאָס בעסטע
געשעפֿט מאַך איך אין די קרעטשמעס, װאו די גוטע ברידער,
קאָרטענשפּילער, גנבים און אַנדערע חֶבְרָה לײַט קומען זיך צונױף
(צייגט אויף עזריאלן) אָט דאָ זיצט אײנער פֿון יענע חֶבְרָה, אַלע
נאַכט פֿלעגט ער מיר אָנשיכּור'ן און מיר הײסען איך זאָל איהם
שפּילען, און װען ער פֿלעגט שױן זײַן גוט שִׁיכּוֹר גלײַך מיט
מיר פֿלעגט ער זאָגען — גאָרגעל ! אײדער איך װעל שטאַרבען
װעל איך דיר עפּעס ערצעהלען פֿון דײַן טאָכטער — אָט דאָ יענע
װאָך קום איך אַרײַן אין קרעטשמע, ערצעהלט מיר דער קרעטשמער
אַז עזריאל גנב איז קראַנק צום שטאַרבען, אַזױ בין איך גיך

צו איהם געלאָפען, איך זאָל איהם טרעפען, איידער זיין גנבה׳שע נשמה וועט פון איהם אַרוים, איך קום צו צו איהם האַלט ער ביים אויסגעהן, און האַפּט מיר אַרום מיט גנבה׳שע טרעהרען אין די אויגען און זאָגט מיר בְּזֶה הַלָּשׁוֹן, — גאָרגעל! זאָלסט וויסען אַז דיין טאָכטער זיצט אין קרימינעל אומזיסט, איך בין שולדיג — און דאָס איבריגע ר׳ ישעיהו מרדכי, ווייסט איהר דאָך שוין אַליין, ווען איך האָב אייך צו איהם גערופען האָט איהר דאָך אַ׳ך אויפגעשריבען, איך וויל הערען ער זאָל זאָגען אַז עס איז אַליגען.

**עזריאל:** יאָ, עס איז אַלעס ליגען, דו שכּור!

**גארגעל:** דו זאָגסט ס׳איז ליגען? דו גנב!

**עזריאל:** דו ביסט אַ געמיינער זויפקערל!

**גארגעל:** און דו ביסט אַ רויבער, אַ מערדער, אַ גזלן! — רוֹצֵחַ! גַנָב! גיעב מיר אָב מיין קינד, אַז ניט, זעהסטו די נעגעל? איך קראַץ דיר אויס מיט זיי די גנבה׳שע אויגען דיינע (זיי ווילען זיך שלאָגען, זשאַנדארען לאָזען ניט).

**עזריאל:** הער פּרעזידענט! איך נעהם אייך פאַר אַ עדות אַז ער האָט מיך גערופען גַנָב.

**פרעז׳:** גענוג! רוהיג זאָל זיין! — דאָ עזריאל לאַנדוי ליעגט ביי מיר איינער אויסזאַגע בעשטעטיגט דורך אַ נאָטאַריוס און דורך אַ דאָקטאָר אונטערגעשריבען, אַז איהר זייט געוועזען ביים פולען זינען בְּשַׁעַת איהר האָט דאָס געזאָגט! איך פרעג אייך דעריבער נאָכאַמאָל, וואָס האָט איהר געגען דעם דאָקומענט צו זאָגען?

**עזריאל:** איך בין געוועזען קראַנק, איך ווייס ניט וואָס מיט מיר איז געשעהן.

**פרעז׳:** (קלינגט. אלע שטעהען אויף) איך ערקלער אַז דער ערשטער פּראָצעס געגען הדסה גאָרגעל וועגען די ערמאָרדונג פון איהר קינד איז געוועזען אַ טָעוּת...

**אלע:** בראַוואָ! עס לעבט די גערעכטיגקייט!

**פרעז׳:** איך ערקלערע די פערואורטיילטע אַרויסצולאָזען פריי און מען זאָל איהר איבערגעבען צו איהר פאָטער, וועלכער דאַרף זיין עהרענוואָרט געבען אַז ווען עס וועט פאָרקומען דער נייער פּראָצעס, זאָל ער איהר צום געריכט צו שטעלען.

**אלע:** בראַוואָ! בראַוואָ!

**פרעז׳:** זשאַנדאַרם! דער פאַלשער עדות עזריאל לאַנדוי ווערט אייך איבערגעגעבען — הדסה גאָרגעל זאָל אַריין קומען!

**עזריאל:** (בשעת מען פיהרט איהם אָב) וואַרט דו שכּור! איך וועל געזונד ווערען, וועל איך דיר שוין ווייזען ווער איך בין (אָב מיט זשאַנדאַרען).

**נארגעל:** ווער הײסט דיר דען געזונד ווערען? ! (אויפטריט הדסה געפיהרט פֿון מאטראָנאַ).

**פּרעז׳:** הדסה גאָרגעל! אײַער משפט איז קאַסירט און איהר זײַט פֿרײַ! (פּרעזידענט, ריכטער, צושויער אַב)

**הדסה:** פֿרײַ?.. איך פֿרײַ?.. איך בין ניט מעהר קײַן טויטער נומר 49?.. איך הײס צוריק הדסה?.. נײַן, נײַן! די פֿרײַע וועלט איז מיר פֿיעל ערגער ווי מײַן לעבעדיגער קבר, גיעבט מיט בעסער צוריק מײַן נומער 49, שיקט מיר אין מײַן נומער צוריק, מײַן טויטע האַרץ געהערט ניט מעהר אין דאָס לעבעדיגע וועלט, שיקט מיך צוריק!. מאַטראָנאַ! נעמט מיך אַהײַם.

**אדוו׳:** הדסה! דו זאָלסט צוריק געהן צו דײַן טאַטען!

**הדסה:** צו מײַן טאַטען?.. מײַן טאַטע איז שוין זיבער לאנג טוידט.

**אדוו׳:** דאָ שטעהט דײַן פֿאָטער! געה מיט איהם אַהײם.

**נארגעל:** (קוקט איהר אָן) נײַן! נײַן! איך קען שווערען אין אַ קיטעל, אין אַ טלית, בנקיטת חפץ, אַז דאָס איז ניט מײַן טאָכטער! מײַן הדסה איז געוועזען אַ 15 יאָהריגע מײדעלע, זי האָט געבליהט ווי אַ רויז, געשײַנט ווי די זון און דאָס איז אַ אַלטע אפשר פֿון 50 יאָהר, מײַן קינד האָט מען דערהרגט און מען וויל מיר אָבגעבען אַ אַלטע גנבה׳טע פֿאַר מײַן גאָלדענעם קינד, נײַן! נײַן!..

**הדסה:** (קוקט איהם אָן): נײַן! דאָס איז ניט מײַן טאַטע דער שײנער ליבטיגער ר׳ ש־מה חזן! דאָס איז ער ניט!.. זײַן ליכטיגע צורה איז מיר תמיד פֿאַר די אויגען געשטאַנען, דאָס פֿערשיכורטע פּנים מיט דעם רויטען נאָז קען מײַן טאַטע ניט זײַן, מײַן טאַטע איז טוידט, דאָס איז ניט מײַן טאַטע.

**נארגעל:** (בעטראַכט איהר) יאָ, יאָ! בהן צדקי, דאָס איז זי!.. הדסה! קוק ניט וואָס איך זעה אַזוי אויס, די צרות האָבע מיך פֿאַר אַ שיכור געמאַכט! אָבער איך שווער דיר דאָ אַז איך וועל מעהר ניט טרינקען, אין היטץ און קעלט, אין שנײ און אין רעגען וועל איך אין די גאַסען געהן מיט מײַן פֿידעלע פֿאַר די גליקליכע מענשען שפּיעלען און דיך מפרנס זײַן, קום טהײַערע צו דײַן טאַטען (וויל צו איהר).

**הדסה:** נײַן! נײַן! ווען איהר זײַט אפשר יאָ מײַן טאַטע, דאַרף איך ניט און טהאָר אויך ניט צו אײַך געהען. אײַך נאָך מעהר אומגליקליך מאַכען? ! (ווײנט) דאָס דאַרף אַ פֿרעמדער נישט טהון און בפרט אַ אײגען קינד, לאָזט מיך צוריק געהען, לאָזט מיך צוריק בלײַבען דאָס טוידטע נומר 49!

**אדוו׳:** הדסה! געה מיט דײַן פֿאָטער! דײַן שטימע קלינגט נאָך יעצט אַזוי שאָן און זיעס, דו וועסט דײַן אַלטען פֿאָטער מיט דײַן

געזאַנג אונטערשטיצען אויף דער עלטער און איהר וועט עהרליך פאַרדינען איינער שטיקעל ברויט.

**הדסה:** (ענטשלאָסען) יאָ, יאָ! איך וועל איהם אין זיין געזאַנג ערקענען, (גאָרגעל זינגט, הדסה שרייט אויס:) טאַטע! גוט! גוט! איך געה מיט דיר טאַטע, דיינע זאַכען וועל איך מיט דיר זינגען, איך געדענק זיי נאך אַלע אויסווענינג (אומאַרמונג).

(פאָרהאַנג פאַלט).

---

פערוואַנדלונג

(צימער [redacted] אין האָטעל. גיטעלע, משולם).

**משולם:** (גיט איהר א בענקעל) נו מאַמע זעץ דיך אַ נידער, אַ שעהן שטיקעל וועג פון בית עולם ביז צום האָטעל, און דער ווינטער לאָזט זיך גוט הערען.

**גיטעלע:** יאָ די אָרעמע לייט נעביך קענען פון דעם ווינטער גאָר ניט אויסהאַלטען. עס זאָל ניט אויסגערעדט זיין, איך האָב אויפ'ן בית עולם געגעבען יעדען בטלן צו 2 גילדען, זיי זענען נעביך געגאַנגען קרועה ובלואה אין אַזאַ פראָסט אויפ'ן פעלד.

**משולם:** די היגע אָרעמע לייט וויסען שוין אַז דער צווייטער טאָג חנוכה איז ר' יעקב סגל'ס יאָהרצייט און די רייכע בעקערין פון טיסמעניץ קומט צופאָהרען צום יאָהרצייט, און זיי נאַרען זיך ניט... איך בין שוין ביי זיי קיין גאַסט ניט! די סטאַניסלאַווער קבצנים טרעפען מיר יעדען מאָנטאַג אויפ'ן מאַרק און טרעטין פון מיר ניט אָב ביז איך גיעב זיי ניט זייער שלום עליכם געלד. -- אָבער פאַר וואָס מאַמע זיצסטו ניט? דו ביסט דאָך מיעד און ווילסט באַלד צוריקפאָהרען אַ היים, רוה דיך אָב אַביסעל און דאַן וועסטו פאָהרען.

**גיטעלע:** גלויב מיר מיין זוהן עס האָט זיך מיר היינט ניט געגלוסט פון דיין טאַטענס קבר אַוועקצוגעהן! משולם מיין קינד! איך זאָל ניט מורא האָבען פאַר אַ זינד, וואָלט איך גאָט געבעטען אַז איך זאָל שוין ליגען לעבען דיין טאַטען. די וועלט איז מקנא גיטעלע סגל מיט איהרע עשירות, אָבער וואָס אין האַרצען טהוט זיך וויים טאַקי נור גאָט אַליין!

**משולם:** איך וויים ניט מאַמע, אויף וואָס דו האָסט זיך צו בע־קלאָגען, חוץ דיין שאָדען אויף אַלע אונזערע פריינד געזאָגט, 17 יאָהר ווערט היינט זייט דער טאַטע זכרונו לברכה איז געשטאָרבען און אַ ודאי איז ניט גוט אַ אַלמנה צו זיין, אָבער דער מענש איז דאַצו בעשאַפען! דערוויל טרעט איך פון דיר ניט אָב, איך פיהר דאָס געשעפט מיט עהרליכקייט און גלויבט איז השי"ת

מיט מזל, אונזער פֿארמעגען פֿערבעהרט זיך פֿון יאָהר צו יאָהר, גאָט און לייט זעגען אונז מקנא, קיין אָרעמאַן געהט ניט אַרויס הונגעריג פֿון אונזער הויז, און דאָס יתומה'לע וואָס דער טאַטע האָט אונז צוגעשיקט איידער ער איז געשטאָרבען, מיר זאָלען איהר מגדל זיין ווי איין אייגען קינד, האָבען מיר געלויבט השי"ת אויפֿ-געצייגען, זי איז שוין קיין עין הרע אַ וואוילע מויד פֿון 17 יאָהר, און מיר וועלען איהר איה"ש חתונה מאַכען גלייך ווי אונזער אייגען קינד! נו מאַמעניו וואָס האָסטו זיך נאָך אויף גאָט צו בעקלאָגען?!

**גיטעלע:** אויף גאָט האָב איך מיר ניט וואָס צו בעקלאָגען, אָבער אויף דיר מיין קינד, זעהר פֿיהל! איך מוז דיר זאָגען אַז מיט דיינע עקשנות ניט חתונה צו האָבען ביסט דו מיר מקצר מיינע יאָהרען. אדרבה, זאָג דו אַליין, וואָס וועט זיין דער סוף, אויביג אַ בחור בלייבען?

**משולם:** וואָס זאָל איך טהון אַז מיין זווג איז נאָך פֿאָרט ניט געקו-מען? איידער חתונה האָבען ניט מיט דער, וואָס דאָס האַרץ גלוסט און נאָכדעם זיך און איהר די יאָהרען צו פֿערביטערן, בע-סער אויביג בלייבען אַ בחור.

**גיטעלע:** האָסט רעכט מיין קינד! אָבער אויף אונזערע יתומה'לע האָסטו אויך עפּיס חסרונות אויסצוזעצען? זי איז דאָך שאָהן ווי די וועלט, קלוג ווי שלמה המלך, אַ פֿרום קינד. אַ גוט קינד, האָסטו מיר ניט פֿיעל מאָל געזאָגט אַז זי איז דיר איינגע-באַקען אין הערצען ווי איין אייגען קינד?! האָט דער טאַטע זכרונו לברכה אין זיין צוואה ניט איבערגעלאָזען 5000 גילדען פֿאַר איהרעט וועגען? און אַז דער טאַטע האָט זי אונז צוגעשיקט אַז מיר זאָלען איהר מגדל זיין מן הסתם האָט ער געוואוסט ווער זי איז און פֿון וואַנען זי שטאַמט אַרויס, אודאי פֿון אונזער איי-גענע משפחה, ער האָט אונז געשריעבען אין בריעף אַז ער וועט איה"ש אַהיים קומען וועט ער אונז זאָגען ווער זי איז, אַז גאָט האָט אָבער אַנדערש געוואָלט און ער איז דערווייל געשטאָרבען און האָט ניט דערלעבט אַ היים צו קומען? מסתמא איז געוועזען אַזוי גאָט'ס רצון! — היינט פֿרעג איך דיך, פֿאַר וואָס ווען איך רייד מיט דיר פֿון איהר ציהסטו אוועק מיט די אַקסלען און עס וועט ווייטער דערפֿון גאָרנישט?!

**משולם:** הער אויס מאַמע, וואָס איך וועל דיר זאָגען! ערשטענס פּאַס איך גיכער צו זיין שפֿרה'לעס טאַטע, איידער איהר מאַן. צווייטענס! דאַרף מען דאָך קודם זי אַליין אויך פֿרעגען צו זי וויל מיך פֿאַר אַ מאַן?! נור דאָס בין איך דיר מודה, איך האָב איהר זעהר ליעב, זי איז מיר טאַקע איינגעבאַקען אין האַרצען, ווען איך זעה איהר פּנים מיט איהרע אויגען צינדט זיך אָן אַ פֿייער

אין מײַן ברוסט און דאָך װען עס קומט די שאלה — צו זאָל איך מיט איהר חתונה האָבען, בלײַבּ איך קאַלט װי אײַז! פאָהר אַ היים מאַמע. איך מוז נאָך דאָ בלײַבּען װעגען מסחר, רײד מיט איהר איבּער, און װען זי װעט זאָגען יאָ, אפשר װעל איך מיך בּעשליסען מיט איהר תּנאים צו שרײַבּען.

**גיטעלע:** הונדערט יאָהר זאָלסטו לעבּען דערפאַר מײַן קינד! דאָס איז דבּורים! איך פאָהר שױן אַ היים און אַזױ װי דו װײסט אַז יעדעס יאָהר װען איך קום צוריק פון קבר אבות מאַך איך אַ סעודה און חנוכּה איז אױך דאַצו. אַזױ װיל איך עס זאָלען די תּנאים אױך זײַן! אַז דוא װילסט עס ניט טהון די מאַמען צוליעב, טהוע עס דעם טאַטען צוליעב, ער זאָל האָבען מנוחה אין קבר.

**משולם:** פאָהר אַ היים! און װי גאָט װעט װעלען אַזױ װעט געשעהן.

**גיטעלע:** נאַ אַז עס איז יאָ אַזױ װיל איך דיך בּעטען דו זאָלסט קױפען פאַר 500 גולדען אַ פאָאַר שאָהנע דיעמאַנטענע אױרינגלעך איך זאָל זי איבּערראַשען מיט אַ שײנע כּלה־מתּנה!

**משולם:** װאָס טױג איהר אױרינגלעך, אַז זי קען זײ ניט טראָגען האָסטו דען פערגעסען אַז עס פעהלט איהר דאָס לעפּיל פון רעכטען אױער!

**גיטעלע:** האָסט רעכט חלעבּען! איך האָבּ עס גאָר פערגעסען, נו קױף איהר אַ בּראָש מיט אַ גוטע שפּילקע.

**משולם:** יאָ, אַבּי זײַ זײ אױף מיר ניט בּרוגז.

**גיטעלע:** זײַ געזונד! איך פאָהר שױן אַ היים.

**משולם:** פאָהר געזונדערהײט! (צוקוקסען זיך. בּעגלײטעט גיטעלען, קעהרט צוריק). יעדעס יאָהר פאָהר איך אױף מײַן טאַטענס קבר צו יאָהר־צײַט, אָבער דער קבר איז ניט אױף דעם בית עולם! דער קבר איז אין מײַן האַרצען,— מיט אַ גט אין זײַן האַנד איז ער ביט 17 יאָהר צוריק אַהער אַרײַן געפאָהרען, די אָרעמע הרסה איז איהם ניט אַנגעשטאַנען פאַר אַ שנור צו האָבען, און האָט מעהר ניט זוכה געװען לעבּעדיג צוריק אַ היים צו קומען און מיט איהם איז אױך דער אמת פערשװאונדען געװאָרען! דער אמת ליעגט תּמיד בּעגראָבּען אין דער ערד, און דער שװינדעל פאַסירט אַרום און בּעזיעגט די גאַנצע װעלט. (זינגט:

I

עס איז פון שטענדיג אָן אַ שטײַגער
װי עס קומט אָן די שטילע נאַכט,
ליעג איך מיר אױף מײַן געלעגער
און קען ניט שלאָפען — נור איך טראַכט —
פאַר װאָס די װעלט איז אַזױ פערדאָרבען

יעדער ווערט פון געלד פערפיהרט
דער רייגער אמת איז געשטארבען,
און די פאלשקייט עקסעמטירט —
דאך זעהט מען די פאלשקייט אימער זיעגען.
דעם אמת טיעף אין דר׳ערד ליעגען
וואס זשע וועט זיין דער סוף?
אמת! ווען קומסט דו ארויף?!

ח

ווען די וועלט ווען בעססער ווערען
וועט דער אמת זיעגען ווען
אדער וועל איך מוזען הערען,
אז נאך ערגער ווערען קען,
אבער איך וויל דאס ניט גלויבען
זא וואס זאל נאך ווען געשעהען
דען ווען פאלשקייט איז פון אויבען
מוז די וועלט שוין אונטערגעהען.
דאך זעהט מען די פאלשקייט אימער זיעגען א. ז. וו. (אבג.

פערוואנדלונג

(א בעקערייי מיט געבעקס, די פענסטער פון דרויסען פערשנייט, שלמה זיצט
ביים טיש לעזט א בוך, שפרה רוימט דעם צווייטען טיש).

**שלמה:** שיין, פיין, טהייער, קלוג, פול חכמה; א קלוגער שלמה המלך!

**שפרה:** (רוימענדיג דעם טיש) עס איז שוין באלד 2 דער זייגער, מיר דאכט זיך אז אין אזא פראסט מיט אזא זאווערוכע וועט היינט שוין קיינער ניט קומען קויפען, א יא, שלמה׳לע? (ער שווייגט) טהייערער שלמה׳לע!.. גאלדענער שלמה׳לע!.. משוגענער שלמה׳לע!.. הע!.. פאניע סאלאמאנטשיק!.. איהר זענט טויב געווארען?!.. הע!.. גרויסער שלמה המלך!

**שלמה:** א! ווער רופט דעם גרויסען שלמה המלך מיט א זיס קול?!.. מסתמא זיין שולמית׳ל!..

**שפרה:** (אפארט) אצונד וועט ער מעגען רעדען, איך הער ניט (אב אן אזייט).

**שלמה:** אך, מיין שולמית׳ל! דרעה דיך אום און לאז מיך דיך זעהען! דיינע באקעלעך זענען שעהן ווי די צוויי בערג: דער הר גריזים און דער הר עבל!.. דיינע אויגעלעך — ווי די טאבעלעך וואס פליהען איבער די דעכער און קוקען אריין אין די שטיבער! איך בעשווער דיך שולמית׳ל! טהייערע! דען אין מיין הערץ ברענט ווי אין איין בעקער אויווען ערב שבת! מיינע אויגען זענען געפלאכטען צו דיר ווי א פורים קוילעטש! שולמית׳ל!

קעֶהר זיך אוּם צוּ דײַן שלמה'לעֶ! וְנֶחֱוֶה בָּךְ! און לאָמיך דיך אָנקוּקעֶן.

**שפרה:** (ערשײַנט) אָט קוּק איך דיך אָן פוּן קאָפּ ביז די פיס און זעֶה אַז דוּ ביסט משוּגעֶ! מטוּרף! חסר דֵעָה און פראָסט פעֶררײקט.

**שלמה:** נײַן שפרה'לעֶ! זײַט איך לײעֶן שלמה המלך'ס שיר השירים אויף דײַטש, איז מײַן נשמה נאָר בײַ שלמה'ן, ווען איך קנעֶט די בײגעֶל, ווען איך באַק די פלעֶצליך, זעֶה איך פאַר מיר נור דיך שולמית, ווי דעֶר שיר השירים מאָלט אוים וואָלט איך אויך געֶקענט ליעב האָבעֶן.

**שפרה:** וואוּ האָסטוּ אָבעֶר הײַנט אַ זעֶלכעֶ שולמית'ן? — דאָס וועֶל איך טאַקי דעֶרצעֶהלעֶן דעֶר מוּהמעֶ אַז דוּ לײעֶנסט איהרעֶ ספרים'לעֶך ווען זי געֶהט אַוועֶק און דוּ הויבסט אָן משוּגעֶ צוּ ווערעֶן, רעֶדסט דיר אײַן אַז דוּ ביסט שלמה המלך, און מיך ווילסטוּ מאַכעֶן פאַר דײַן שולמית'ל! שלמה! איך זאָג עֶס דיר 100 מאָל דײַן לעֶזעֶן די ביכלעֶך וועֶלעֶן דיך נאָך ברעֶנגעֶן אין משוּגעֶים הויז אַרײַן.

**שלמה:** ווען דוּ זאָלסט שֵׂכל האָבעֶן וואָלסטוּ דעֶר מוּהמעֶן אַזוי געֶזאָגט: — מוּהמעֶ! איהר רעֶדט מיך צוּ תמיד איך זאָל ליעב האָבעֶן אײַעֶר זוּהן דעֶם רײַכעֶן משוּלם! אַזוי האָבעֶן די ברידעֶר אויך צוּגערעֶדט זײעֶר שוועֶסטעֶר שולמית, זי זאָל ליעב האָבעֶן דעֶם רײַכעֶן שלמה־המלך. שולמית'ל האָט אָבעֶר זײ ניט געֶפאָלגט און האָט ליעב געֶהאַט זײעֶר פאַסטיך שלום. אויך איך האָב ליעב מײַן בעֶקעֶר יונג שלמה'לעֶ! עֶר איז אַ מעֶנש פוּן ברויט דורך געֶקנעֶטעֶן מיט בְּשָׂמים עֶר שמעֶקט מיר, אוּנזעֶר ליעבעֶ איז שוין אַלט געֶבאַקעֶן, לאָזט זי ניט פעֶרשימעֶלט ווערעֶן.

**שפרה:** העֶר אוים מײַן געֶליעבטעֶר בעֶקעֶר יונג! אַז דוּ קעֶנסט אַ בײגעֶל פעֶרדרעֶהעֶן און אַ קוילײטש אויספלעֶכטעֶן, דאָס איז אֶמת, אָבעֶר מײַן מוּהמעֶן וועֶסטוּ דעֶם קאָפּ פעֶרדרעֶהעֶן ניט קענעֶן, מיט פרישעֶ זעֶמעֶלעֶך קעֶן מעֶן איהר ניט דאָס מויל פעֶרמאַכעֶן, און אויב עֶס גלוּסט זיך דיר צָרות, דאַרפסטוּ ניט מעֶהר נור איך זאָל איהר פוּן אוּנזעֶר אַלט־געֶבאַקעֶנעֶר ליעבעֶ עֶרצעֶהלעֶן!.. דוּ קוּמסט מיר פאָר ווי די וועֶלט זאָגט אַ ווערטעֶל — אַז עֶס געֶהט אײנעֶם גוּט גאָר אין גאַנצעֶן, גלוּסט זיך איהם צוּ געֶהן אויפ'ן אײַז טאַנצעֶן.

**שלמה:** (זינגט) מעֶנשעֶן אַ סַך, וואָס איך קעֶן זײ גוּט
זעֶנעֶן שטײן רײַך, דאָך רוּהעֶן זײ ניט
די גאַנצעֶ וואָך, קלעֶהרט מעֶן נאָר אַ פּלאַן
ווי אַזוי קריגט מעֶן נאָך, אוּם רײַכעֶר צוּ זײַן.

**שפרה:** נוּ וואָס איז דעֶר סוף, מיט אַזוינעֶ לײַט
זײ שטײַגעֶן אַרויף, ביז אַ געֶוויסעֶר צײַט

דאַן געֶבען זײַ אַ פּאַל, פֿון אויבען אַראָב
און דאָס איז אַ כלל, אַז מען צוברעכט דעם קאָפּ (פּים).

**ביידע:** אַזוי איז די וועלט, איין מאָל פּעסט געשטעלט
געהט עס איינעם גוט און גאַנצען
זוכט ער נור נײַעס און וויל אויפ'ן אײַז
פּלוציס זיך שטעלען טאַנצען. (פּים)

**שלמה:** אַ ווײַבעלע קלאָגט, זיך פּאַר'ן מאַן
זי טענה'ט און זאָגט, דו ביסט אַ טיראַן
ווען דו געהסט אַוועק, און איך בלײַב אַליין
בעפאַלט מיך אַ שרעק, איך וויל עס מעהר ניט זעהן.

**שפרה:** און דער מאַן נעהמט אַרײַן, צו זיך אויף קוואַטיר
אַ שעהנעם יונגען מאַן, אַ גאַנצען קאַוואַליער
און יעצט אָה וועה! איז איין אומגליק דאָרט געשעהען
אַנטלאָפּען זענען זײַ, און דעם מאַן געלאָזט אַליין.

**ביידע:** אַזוי איז די וועלט, איין מאָל פּעסט געשטעלט. (א. ז. וו.,
טאַנצען. אויפטריט גיטעלע פּערשנייס, איינגעהילט).

**גיטעלע:** איהר מעגט טאַנצען קינדער, ווער עס געהט ניט הײַנט
אין דער גאַס ווייסט גאָר ניט גאָט צו לויבען! איך בין דאָך שוין
ניט קיין נעכטיגע, נאָר אַזאַ פראָסט מיט אַזאַ זאַווערוכע געדענק
איך ניט.

**שלמה:** (טרייסעלט פֿון איהר דיים שנעה) בעל־הבית'טע! חל'עבען מיר
האָבען זיך דאָ אַזוי געשראָקען וואָס איהר זײַט אין אַזאַ פראָסט
נאָך אויפ'ן וועג, מען זאָגט אַז פויגלען פאַלען פון די בײַמייער פּאַר
קעלט, חלעבען קיין עין הרע זאָל אײַך נישט שאַטען, טאַקע נאָר
אַ מיידעלע פֿון 18 יאָהר פּאַסט אַזוי לוסטיג צו זײַן.

**שפרה:** (טהוט איהר אויס די קאָלאָשען) עס וואָלט גאָר נישט געווען
געשאַדט טהײַערע מומע, איהר זאָלט געווען בלײַבען אין סטאַ־
ניסלאַוו נעכטיגען, ניט אין אַזאַ פראָסט אַ היים צו פאָהרען,
איהר זענט נעביך אַזוי דערפרוירען.

**גיטעלע:** האָט קיין מורא ניט קינדער! גיטעלע האָט אין איהר
לעבען שוין אַ סך זאַווערוכעס איבערגעלעבט, וואָס זאָלען נעביך
טהון די אָרעמע לײַט וואָס מוזען געהען אין אַזאַ טאָג זייער
ברויט פערדינען? און געהען ניט אַזוי אָנגעטהאָן ווי איך?

**שפרה:** דערפאַר הייסט עס אַז גאָט שיקט די קעלט נאָך די קליי־
דער נאָך.

**שלמה:** יאָ! אַזוי האָט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ געזאָגט — מַשְׁלִיךְ קַרְחוֹ כְפִתִּים —
גאָט שיקט דעם שנײַ אויף די אָרעמע לײַט'ס קעפּ. (מען הערט
שפּילען און זינגען אין דרויסען).

**גיטעלע:** הערט עֶפּיס בעסער, קינדער! אין אַזאַ וועטער גלוסט זיך עֶמיצען צו שפּיעלען און צו זינגען.

**שלמה:** מִן הַסְתָּם געהט זיי צו גוט, געהען זיי אויפ׳ן אייז טאַנצען.

**שפרה:** אַ וַדַאי, יאָ!.. עס קעהר זיין נעבּיך אָרעמע לייט וואס זענען נעבּיך הונגריג.

**גיטעלע:** שפרה׳לע! טראָג זיי עֶפּיס אַרויס, איך קען אַזאַ עלענד ניט צו זעהען. (מען הערט הדסה זינגען) ווי זיעס דאָס געזאַנג איז, עס צערברעכט דאָס הערץ (הדסה ערשיינט) אַך! אַ יונג פָּנים מיט גרויע האָר! נאָך יונג און שוין פערלאָרען, דאָס הערץ קען איינעם צו געהן... אין אַזאַ וועטער?!.. נאַ אונגליקליכע (וויל איהר געבען געלד).

**הדסה:** ניין, ליעבע פרוי! ניט קיין געלד, ברויט!.. ברויט וויל איך פאַר מיין הונגריגען טאַטען!

**גיטעלע:** נעבּיך! ברויט וויל זי גאָר! (דערלאַנגט איהר ברויט) נאַ, דאָ האָסטו ברויט! נעהם דיר וויפיעל דו ווילסט!

**שפרה:** אוי, אַזאַ רַחֲמָנוּת! די פרוי צערברעכט מיר מיין הערץ — נעהמט וויפיעל איהר ווילט!

**שלמה:** ווען זי זאָל האָבען שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ׳ס חָכְמָה, וואָלט זי גענומען אויף 2 וואָכען גענוג.

**הדסה:** (וויל נעהמען ברויט, עס פאַלט איהר פון די הענד) אָהָ! זייט מיר מוחל, מיינע הענד זענען מיר פערפרוירען, איך קען דאָס ברויט ניט האַלטען.

**שפרה:** לאָזט איך וועל אייך העלפען! מוהמע! זעהט ווי די פינגער זענען איהר נעבּיך פערשטאַרט ווי שטיקער האָלץ.

**גיטעלע:** וואָס איז דאָס פאַר אַ חִדּוּשׁ?! אין אַזאַ וועטער אויף דער גאַס זינגען?! קום אַהער, זעץ דיך דאָ נעבען אויוווען און וואַרעם דיך אַביסעל אָן, נאָכדעם וועסטו דיך דאָס ברויט אַהיים נעהמען.

**הדסה:** איך דאַנק אייך גוטע מענשען, האָט מיר ניט קיין פאַראיבעל, איך קען דאָ לאַנג ניט בלייבען, אין דרויסען שטעהט מיין אַלטער טאַטע, ער איז קראַנק און הונגעריג, מיר האָבען שוין זייט 3 טעג קיין לעפעל וואַרעם וואַסער ניט גענאָסען! ווען ער פריערט אין דרויסען, ווי קען איך דאָ אין דער וואַרם בלייבען?!

**שפרה:** איהר האָט נעבּיך אין 3 טעג גאָר נישט פערדיענט? עס האָט זיך גאָר ניט געפונען אַ מענש מיט אַ הערץ ער זאָל אייך מְחַיֶּה זיין מיט אַ ביסעל וואַרעמס?..

**שלמה:** וואָס מיינסטו עס? אַזוי וואַלגערען זיך עס אַרום מענשען מיט הערצער! — שלמה המלך איז די וועלט אויסגעפאָהרען און

האָט נעֶשריִהעֶן אַניִ שלמה, און שלמה אַניִ! און בּיַים שרײַעֶן איִז עֶר געֶבליִבעֶן.

**הדסה:** וויִ קעֶן טעֶן עֶפּיִס איִן אַזאַ צײַט פֿעֶרדריִעֶנעֶן? דיִ אָרעֶמעֶ לײַט דאַרפֿעֶן געֶביִך אַלײַן, און דיִ רײַכעֶ האָבעֶן מוֹרא אַרוֹיסצוּ־געֶהעֶן זײַ זאָלעֶן זיִך ניִט פֿעֶרקיִהלעֶן (מען הערט שפּיעלען) אָה! גוּטעֶ מעֶנשעֶן, לאָזט מיִך אַרוֹיס צוּ מײַן טאַטעֶן.

**גאַרגעֶל:** (קלאפּט אָן ביין טהיר, רעדט פֿון דרויסען) העֶ! ווען וועֶט איִהר מיִר שוין מײַן קיִנד אָבלאָזעֶן?!

**גיטעלעֶ:** קומט אַרײַן אַלטעֶר, טריִנקט צוּעֶרסט אַ ביִסעֶל וואַרעֶמס, נאָכדעֶם וועֶט איִהר אײַך אָבנעֶהמעֶן אײַעֶר קיִנד (גאַרגעל טרעט אויף)

**גאַרגעֶל:** אַ גוטעֶן אָבעֶנד!.. אוֹי אַ פֿראָסט!.. האָסט דוּ דיִך שוֹין אַ ביִסעֶל אָנגעֶוואַרמט, מײַן קיִנד?

**הדסה:** מיִר איִז שוין וואַרם!

**שלמה:** שלמה המלך זאָגט: „כּיִ לא יֶחְדַל אֶבְיוֹן" — מאַכּט עִבְרִי־טײַטש, אַ אָרעֶמאַן איִן דעֶר עֶרד אַרײַן! איִך קעֶן דיִ קַבְּצָנִים ניִט זעֶהן פֿאַר רַחֲמָנוֹת (אב).

**שפרה:** האָסט מײַן טֶבַע! איִך קעֶן דיִך אויך ניִשט לײַדעֶן פֿאַר רַחֲמָנוֹת — איִך געֶה עֶפּיִס ברעֶנגעֶן וואַרעֶמס (אָב).

**גיטעלעֶ:** זאָגט נאָר אַלטעֶר מאַן, וועֶר זעֶנט איִהר?

**גאַרגעֶל:** שלמה גאַרגעֶל! האָפּמוּזיִקאַנט — אויב איִהר שעֶמט אײַך ניִט מיִט קַבְּצָנִים מעֶגט איִהר מיִר געֶבעֶן שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, איִך בּיִן ניִט קײַן היִעגעֶר קַבְּצָן, איִך בּיִן, און קום פֿון סטאַניִסלאַוו.

**גיטעלעֶ:** וועֶה איִז מיִר! זעֶנט איִהר ניִט שלמה פֿײַנזיִנגעֶר, דעֶר בּעֶריִהמטעֶר חַזָן?!

**גאַרגעֶל:** דאָס בּיִן איִך געֶוועֶן!

**גיטעלעֶ:** און וויִ קומט דאָס מײדעֶל אָדעֶר דאָס ווײַבעֶל צוּ אײַך?

**גאַרגעֶל:** דאָס איִז מײַן קיִנד.

**גיטעלעֶ:** אײַעֶר טאָכטעֶר איִז דאָך געֶשטאָרבעֶן שוין לאַנג, אַזוֹי האָבעֶן מיִר דאָ געֶהעֶרט.

**הדסה:** עֶר האָט מיִך אויפֿגעֶנוּמעֶן פֿאַר זײַן קיִנד.

**גיטעלעֶ:** שעֶהן ר' שלמה! איִהר האָט עֶס ווײַט געֶבראַכט, איִך האָב געֶהעֶרט — זײַט מיִר מוחל — אַז איִהר האָט אײַך געֶנוּמעֶן צוּם טריִנקעֶן.

**גאַרגעֶל:** אַ וַדאי! איִן שטוּב בּײַם אויבעֶן טריִנקט זיִך עֶס וועֶניִגעֶר, אַזוֹי איִז! — דעֶר מעֶנש טראַכט און גאָט לאַכט!

**גיטעלעֶ:** זאָגט בּעֶסעֶר — דעֶר מעֶנש זיִנדיִגט און גאָט שטראָפֿט — ווען איִהר זאָלט ניִט געֶוועֶן וועֶרען אַ שִׁכּוֹר, וואָלט איִהר הײַנט

געוועזען אַ בְּכָבוֹדיגער יוד און געהאַט פַּרְנָסָה בְּרֶיוַח, ניט געדאַרפט אַרומגעהען אין די גאַסען הונגעריג און פריערען אין ...

**גארגעל:** נאָ, נאָ! נאָך לאַנג וועט די דְרָשָׁה האַלטען?

**גיטעלע:** איהר האָט רעכט! איהר זייט שוין גענוג פון גאָט געשטראָפט! — אָבער דאָס איינע פערשטעה איך ניט, נאָך וואָס האָט איהר נאָך דאָס אָרעמע קינד צו אייך גענומען?! זי אויך צו מאַכען פאַר אַ בעטלערין? — דאָס איז פון אייך מעהר עֲבֵירָה ווי אַלע אייערע פעהלער מיט דעם טרינקען צוזאַמען.

**הדסה:** בעליידיגט נישט מיין טאַטען פאַר דאָס ביסעל וואַרעמס וואָס איהר ווילט איהם געבען, ער גיט מיר מעהר און בעליידיגט מיך קיינמאָל ניט... מיר בעטל'ען נישט, מיר פערדינען מיט אונזער שפּיעלען און זינגען אונזער אָרעם שטיקעל ברויט! היינט צום ערשטען מאָל האָב איך ביי אייך געבעטעלט, ווייל דער פראָסט האַלט אָב אַ־לע מענשען זיי זאָלען ניט אַרויס־געהן אויף דער גאַס... מיין טאַטע פערדיענט ניט בעליידיגט צו ווערען, מיר צו־ליעב טרינקט ער מעהר ניט, קיין מענש האָט זיך איבער מיר און מיין עלענד ערבאַרמט, ווי ער נור!.. טאַטע!.. קום!.. מיר וועלען בעסער אויף דער גאַס פריערען און הונגערען איידער אָנ־וואַרעמען זיך און ווערען רויט פאַר בּוּשָׁה, קום!.. קום!.. (ווילען געהען)

**גארגעל:** יאָ, מיין קינד! האָט רעכט! בעסער פון גאָט דעם טויט— איידער פון מענשען ברויט!..

**גיטעלע:** פאַר דעם אֱמֶת דאַרף קיינער ניט ברוגז ווערען (אויפטריט שפרה מיט קאַוועע)

**שפרה:** אָט איז הייסע קאַוועע, מיט אַ סך צוקער! — וואָס? איהר ווילט שוין אַוועקגעהען?

**הדסה:** מיין ליעב קינד? דיין מאַמע האָט אונז דערמאָנט אַז אויסגע־בעטעלט'ס קען נישט וואַרעמען!

**שפרה:** געהט! געהט! מיין מוהמע מיינט נישט שלעכט, זי איז זעהר אַ גוטע, קיין אָרעמאַן געהט ניט ליידיג פון אונזער הויז אַרויס.

**גארגעל:** און מיר זענען ניט קיין אָרעמע לייט, מיר זענען קינסט־לער!. און דערפאַר מוזען מיר פון אייך הונגעריג אַרויסגעהען, ווייל מיר נעמען ניט נְדָבוֹת! (אויפטריט שלמה מיט געלד).

**שלמה:** איהר זעהט, איך האָב געזאָגט איך קען ניט ליידען קיין אָרעמאַן, אָט האָב איך פאַר אייך געלד איך האָב עס געזאַמעלט ביי אַלע בעקער געזעלען, נאַט און ווערט אויס אָרעמאַן! (דערלאַנגט גאָרגעל'ן געלד, ער נעהמט ניט).

**שפרה:** טהײַערער שלמה המלך! האָסט דיך בענאַרעשט מיט דײַנע חכמות! די הערשאַפטען זענען ניט קײן בעטלערס, זײ זענען קינסטלערס, קענסט זײ געבען — אָבער עפּיס צו פאַרדינען.

**שלמה:** יאָ טאַקי דאָס מײַן איך! מיר ווילען ער זאָל אונס עפּיס שפּילען, זינגען פון זײַנע זאַכען, אַ „אתּה זוכר מעשׂה עולם" אָדער א „ומפּני חטאינו".

**גארגעל:** דאָס קענט איהר פועל'ן, אָבער דערצו מוז איך האָבען אַ קאַפּעלע.

**שלמה:** וואו האָט איהר געזעהן אַ בעקער יונג זאָל ניט קענען שלמה גאָרגעלס „ומפּני חטאינו" (קלינגט מיט'ן גלאָק) העי! געזעלען! לאָזט אָב אויף אַ מינוט די ראָסטשינע! קומט אַרײַן! (צו גיטעלע) אַ יאָ בעל הבית'טע איהר ערלויבט עס אונז? הײַנט איז דאָך אונזער „סעודת חנוכּה"!

**גיטעלע:** פאַר וואָס האָסטו מיך פריהער ניט געפרעגט? נור איך ערלויב אײַך, און דו שפרהלע קום מיט מיר! איך האָב מיט דיר עפּיס וואָס צו רעדען.

**שפרה:** לאָזט מיך מוהמע דאָ בלײַבען, עפּיס לאָזט עס מיך פון דאָס ווײַבעל ניט אַוועק געהען... (גיטעלע אב, אויפטריט בעקער־געזעלען, מיידלעך).

**שלמה:** קינדער! עס ווערט געזונגען „ומפּני חטאינו" ווער עס קען מיט־העלפען זאָל שטעלען דעם גאָרגעל, נון הער קינסטלער! הויבט אָן! (גארגעלט שפּיעלט וויאָלין סאָלאָ).

**באר:** ומפּני חטאינו גלינו מארצינו ונתרחקנו מעל אדמתינו (בּים).

**הדסה:** ומפּני חטאינו. חטאינו, פאַר אונזערע גרויסע זינד, גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתינו.
זענען מיר דערווײַטערט געוואָרען פון אונזער לאַנד.

**באר:** ואין אנחנו יכולים לעלות ולראות ולהשתחוות לפניך.

**הדסה:** אַך מײַן אָרעמעס הערץ
ווי גרויס איז יעצט מײַן שמערץ
העלף מיר גאָט
העלפען קענסט דו מיר נור פון מײַן נויט (גאָרגעל שפּיעלט)
אָה!.. נעהם שוין גאָטעניו צוזאַממען
אַלע דײַנע קינדערלעך
און ברענג אונז צו דער מאַמען
צײַיג אונז דײַנע וואונדערלעך
און דאָרטען ווען מיר מקריב זײַן
קרבּנות פאַר אונזערע זינד
און דו ווערסט אונז מכפּר זײַן
ווי דערלעבט מען שוין די צײַט!..
גאָטעניו, טאַטעניו הער אונזער תּפלה! (באר בּים, אויפטריט משולם).

**משולם:** וואָס איז דאָ פֿאַר אַזאַ שׂמחה?!

**הדסה:** (זאמעלט געלד, משולם געהט צו וויל איהר געבען געלד, שרייט אויס) טאַ... טאַטע!.. מײַן מאַן!.. (פֿאַלט).

**משולם:** וועה!..זי איז עס, הדסה!.. (פּאָזיציאָן)

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

---

## צווייטער אקט.

(צימער ביי גיטעלע, הדסה, משולם),

**הדסה:** נו וואָס האָט איהר מורא נעהנטער צו צוגעהען, וואָס קוקט איהר מיך אַזוי פֿערוואונדערט אָן?

**משולם:** איך זעה ווי אַ מענש קען זיך אַזוי פֿערענדערען.

**הדסה:** איז דאָס אַלעס וואָס איהר בעמערקט אין מיר? ערקענט איהר ניט בעסער אין מיר די יונגע שײנע הדסה געגען וועלכער איהר האָט געהאַנדעלט ווי אַ ניכטסווירדיגער?

**משולם:** מיט וואָס קען איך יעצט פֿערענטפֿערען דאָס, וואָס איך האָב פֿערזינדיגט נאָך אַלס אינגעל? דאָס פנים איז געוועזן שײן די גע־שטאַלט פֿול חן איך האָב ניט געקענט בעהערשען די ליידענשאַפֿט.

**הדסה:** אָבער ווייסט איהר יונגערמאַן, וואָס איהר האָט פֿון מיר געמאַכט? איהר ווילט מיר גאָר נישט פֿרעגען, וואו איך בין די 17 יאָהר געווע־זען? איהר מעגט אַזוי גוט זײַן און מיך חאָטש פֿרעגען.

**משולם:** דו ביזט אַצינד זעהר אויפֿגערעגט, איך וויל דיך נישט מעהר נאָך אויפֿרעגען, אָבער בין איך דען שולדיג אין דעם?

**הדסה:** געוויס דו! פֿאָטער! פֿאַר וואָס פֿרעגסטו ניט וואו דײַן קינד איז?

**משולם:** מײַן קינד?

**הדסה:** יאָ, דײַן... אונזער קינד! דאָס קינד האָסטו מיט אַ גט שי־קען ניט געקענט אָבפּאַטער'ן.

**משולם:** אויך אַ קינד איז געוועזען?... ווי אַזוי האָב איך דאָס געקענט וויסען? איך שווער עס דיר, וואָלט איך עס געוועזען געוואוסט וואָלט מײַן טאַטע ניט געוועזען אים שטאַנד מיך צו צווינגען דיר אַ גט צו שיקען, אָבער אַצינד וואו איז דאָס קינד?

**הדסה:** דאָרט וואו מײַן ליעבע, — זי איז טוידט!

**משולם:** איז אונזער קינד געשטאָרבען אוים מאַנגעל און נויט?.. אָך וויפֿיעל האָסטו דאַמאָלס געמוסט ליידען?!..

**הדסה:** שפּעט האָסטו דיך די זאָרג אין קאָפּף אַריין גענומען, דײַן יעצטיגער זאָרגען קומט מיר פֿאַר גראַדע ווי אײנער זיצט אין דער וואַרעם בײַם טהעע און זאָרגט זיך איבער פֿאַריאָהריגען שנעע.

**משולם:** אֶמת הדסה! איך בין מודה אז איך האָב געגען דיר אַ גרויסע זינד בעגאַנגען, אָבער וואָס קען איך איצט טהון? בעֶרעכען מיין לאַגע פון דאַמאָלס — אַ אינגעל, אַ שנעק! איך בין אַ היים געקומען איז דער טאַטע געוואָהר געוואָרען אז איך האָב חתונה געהאַט, האָט ער מיך פון הויז אַרויסגעיאָגט.

**הדסה:** פאַר וואָס ביסטו ניט געקומען צו דיין ווייב?

**משולם:** האָסט רעכט!.. אָבער איך בעט דיך פערצייהע מיר, איך האָב חרטה!

**הדסה:** האָסט חרטה?! ביסט אויף אַ מינוט אֶפשר אויפגערעגט? נו זאָל איך 17 יאָהר מאַרטער און קוואַל פערגעסען, ווייל דו האָסט איין מינוט פערדרוס?!..

**משולם:** וואָס ווילסטו זאָל איך איצט טהון.

**הדסה:** מיך פאָרשטעלען דיין מאַמען אַלס דיין ווייב, אַלס די מוטער פון דיין קינד!

**משולם:** צו מיין מאַמען? הדסה! דו ווייסט ניט וואָס דו פערלאַנגסט!

**הדסה:** איז דאָס צופיעל פערלאַנגט פאַר מיינע 17 יאָהר צרות?

**משולם:** פאָדער פון מיר אַלסדינג, נאָר דאָס איינע ניט!

**הדסה:** וואָס עפּיס אַנדערש קען איך פון דיר פאָדערען? זאָג! אֶפשר דיין געליעבטע אין געהיים צו זיין?...

**משולם:** איך קען עס ניט וואַגען דער מאַמען פאַר'ן מויל צו ברענגען.

**הדסה:** ניין? גוט!... טאָ וועל איך מיר אַליין דיין מאמען פאָרשטעלען, זאָל זי משפט'ן צווישען מיר און דיר.

**משולם:** זי איז אַ אַלטע פרוי האָב רחמנות אויף איהר!

**הדסה:** האָסטו רחמנות נעהאַט אויף דאָס 15 יאָהריגע קינד, וועלכע איז פאַר דער צייט גרוי געוואָרען?

**משולם:** איך בין איהר בן יָחיד איך וועל איהר אויף אַמביג אונגליקליך מאַכען.

**הדסה:** אונגליקליך אויף אויביג האָסטו מיך מיט מיין אַלטען שוואַכען טאַטען געמאַכט.

**משולם:** איך קען ניט, די אַלטע וועט עס ניט אויסהאַלטען.

**הדסה:** דו קענסט עס ניט?.. גוט! אַזוי וועל איך עס קענען, איך געה צו איהר (וויל אב).

**משולם:** הדסה! בלייב דאָ, איך וויל אליין געהען צו איהר און איהר לאַנגזאַם פאָרבערייטען.

**הדסה:** וואָס וועסטו איהר זאָגען?

**משולם:** דעם גאַנצען אֶמת, בלייב דאָ איך קום באַלד צוריק, מיין

מאַמע איז אַ גרויסע חָכְמָה, האָט זעהר אַ גוט הערץ, איך האָף אַז זי וועט מיר פֿערגעבען.

**הדסה:** ווי איך פֿערשטעה האָט דיין מאַמע פֿון אונזער חתונה גאָר ניט געוואוסט?

**משולם:** זי ווייס עס נאָך עד היום ניט, אָבער איידער איך געה אַריין צו דער מאַמען וויל איך דיר נאָך איין זאַך פֿרעגען ביסטו נאָך פֿריי!

**הדסה:** פֿריי? געווים! פֿריי זייט איינינגע טעג!

**משולם:** וואָס מיינסטו דערמיט?

**הדסה:** אָה, דו מיינסט צו איך בין נאָך דיר דורך אַ צווייטען, דורך אַ דריטען פֿערפֿיהרט געוואָרען? ווי דער שטייגער איז ביי מיידלעך וואָס זיי ווערען אונגליקליך אין זייערע יונגע יאָהרען, ניין, אָ ניין! פֿון דעם בין איך אַ אויסנאַהמע, איך האָב גוטע שומרים געהאַט אין די 17 יאָהר איך זאָל מיך ניט פֿערזינדיגען מעהר.

**משולם:** ביי וועלכע פֿיינע מענשען האָסטו דיך די גאַנצע צייט אויפֿגעהאַלטען?

**הדסה:** ביי זעהר גוטע מענשען, 17 יאָהר האָבען זיי מיך געהאַלטען אין זייער הויז ווי אַ אייגען קינד, מען האָט פֿאַר מיר געזאָרגט מיט עסען און קליידען, מען האָט מיר בעוואַכט עס זאָל מיך קיין שלעכטס געשעהן... נו? איז שוין דיין פֿאַרהער צו ענדע?..

**משולם:** מיר דאַכט זיך די מאַמע קומט אַהער, געה אַריין אין צווייטען צימער, איך וועל דיך באַלד אַריינרופֿען.

**הדסה:** איך האָף אַז דיין מאַמע וועט דיך צו אַ צווייטען גאַר ניט צווינגען (אב, אויפֿטריט גיטעלע).

**גיטעלע:** גוט מיין קינד וואָס דו ביסט אַליין, איך וויל מיט דיר ריידען, און איך האָף אַז פֿאַר דיין מאַמען וועסטו קיין סודות נישט האָבען.

**משולם:** זיי רוהיג מוטער, פֿון היינט און ווייטער וועל איך גאַנץ זיכער פֿאַר דיר קיין זאַך בסוד האַלטען.

**גיטעלע:** וואָס פֿון היינט און ווייטער? אָבער ביז היינט האָט מיין איינציגער ליעבער זוהן יאָ געהאַט סודות פֿאַר זיין מאַמען?! איז דאָס מעגליך? איז דאָס אֱמת?

**משולם:** לײַדער מוטער איז דאָס אֱמת, איך בין נישט ווערטה דיין זאָהן צו זיין.

**גיטעלע:** ניין, ניין, ס'איז ניט מאָגליך! גיטעלע סגל'ס זוהן וואָס די גאַנצע וועלט איז מיך מיט איהם מקנא קען נישט שלעכט

זײַן ! זאָג מײַן זוהן אַלסדינג דײַן מאַמען, עס איז זיכער ניט אַזוי שוואַרץ ווי דו מאַלסט דיר אויס.

**משולם:** און דאָך מאַמעניו טײַערע בין איך אין מײַן לעבען בעגאַנגען אַזאַ זינד אַזאַ גרויסען פעהלער, אַז דו וועסט זיך דאַריבער זעהר ערגערן און וועסט מיר קיין מאָל גישט קענען פערציַהען.

**גיטעלע:** אַז דער מענש דערקענט זײַן פעהלער און איז זיך אַליין מודה מוז איהם פערגעבען ווערען, זאָג מיר איך בין געפאַסט אויף אַלעם.

**משולם:** זאָלסט וויסען מאַמע איך האָב אין מײַן ל'עבען שוין אַמאָל אַ מײדעל געליעבט.

**גיטעלע:** נוא, וואָס איז אַז דו האָסט אַמאָל אַ מײדעל געליעבט? מן הסתם האָסטו זי נאָך יעצט אויך ליעב, דער פעהלער איז נאָר פאַר וואָס האָסטו דער מאַמען עס שוין לאַנג ניט געזאָגט, ווײסטו דען ניט ווען עס זאָל זײַן די טאָכטער פון אַ יורישען מֶלך וועט די מאַמע אַלסדינג אַוועק געבען אַבי זי זאָל איהר אײנציגען זוהן גליקליך מאַכען.

**משולם:** מאַמע, הער אויף געגען מיך אַזוי פיעל גוטסקײט אַרויס צוווײַזען, דען איך פערדין עס ניט, איך בין ניט ווערטה אַזאַ גוטע מאַמען צו האָבען.

**גיטעלע:** נײן משולם, זאָג מיר ווער זי איז, וואו זי איז און פאַר וואָס שטעהט זי איצט ניט פאַר מיר, איך זאָל איהר מײַן ברכה געבען.

**משולם:** זײט מײַן ערשטע ליעבע צו איהר איז שוין 17 יאָהר פערגאַנגען, זי איז דאַמאָלס געווען אַ אָרעם מײדעל אָבער אַ שײנ׳ס און אַ עהרליכ׳ס מיט אַל׳ע מעלות, אָבער איך האָב איהר בעטראָגען, אין דער צײט פון די גזירה חתונות האָב איך איהר פאַר מײַן פרוי געמאַכט, נאָך דעם ווי זי איז שוין געווען מוטער פון מײנעם אַ קינד.

**גיטעלע:** (שפרינגט אויף) נײן, נײן! אַזעלכע דאַרפסטו אין מײַן הויז גישט אַרײַן ברענגען, נאָר ווען דו ווילסט מײַן קאָפּ מיט חרפות און בושה׳ס בעדעקען.

**משולם:** איך מוז אָבער גוט מאַכען וואָס איך האָב פריהער פערבראָכען.

**גיטעלע:** גיטעלע סגל׳ס הויז איז ניט קײן פאַבריק וואו פערבראָכענע כלים ווערען גאַנץ געמאַכט! איך בין געווג רײַך די פערבראָכענע כלים אַרויס צו וואַרפען און נײַע פאַר דיר צו קויפען!

**משולם:** דער פערברעכער בין איך געוועזען, איך שווער עס!..

**גיטעלע**: שווייג! שווער ניט פֿאַלש! זעהר שײַן פֿון דיר וואָס דו ווילסט זי בעשעמען, אָבער מיר קענען די וועלט! איין אַנשטענ־דיגעס קינד לאָזט אין זיך קיין פֿערברעכען בעגעהען, איך בין גאַנץ זיכער אַז אויך זי האָט אַ נעטיך געשפּיענט דעם רײַכען יונ־גען משולם סגל אין איהר נעטיך צו חאַפּען.

**משולם**: מאַמע! זי האָט מיך נישט אַמאָל רעכט געקענט, נישט זי האָט געוואוסט ווער איך בין, צו בין איך רײַך צו בין איך אָרעם, ביז'ן הײַנטיגען טאָג!.. זי איז געווען אַ כּשר קינד, אַ פֿרום לעמעלע, און איך האָב די ערגסטע מיטעל אָנגעווענדעט איהר צו פֿערדערבען.

**גיטעלע**: גאָט זאָל דיר מוחל זײַן — איך קען ניט (וויינט) אָבער זאָג וואָס איז פֿון דער אונגליקליכע געוואָרען? וואו איז זי די גאַנצע צײַט געוועזען?

**משולם**: איך האָב די גאַנצע צײַט פֿון איהר גאָר ניט געוואוסט, זי איז געווען פֿערשוואונדען.

**גיטעלע**: האָסטו איהר גאָר ניט געזוכט? האָסטו גאָר ניט געטראַכט וואָס עס טהוט זיך מיט איהר?

**משולם**: זי האָט אַ גט פֿון מיר בעקומען, און זי איז טוידט פֿאַר מיר געוועזען.

**גיטעלע**: נו און איצט איז זי תּחית המתים אויפֿגעשטאַנען?

**משולם**: יאָ! אָבער זעהר פֿערענדערט אַ אָבגעריסענע אָרעמע בע־טלערין איז פֿון איהר געוואָרען אַ...

**גיטעלע**: (ערשראָקען) אַ גאַסען־זינגערין?.. די אפֿשר?.. די וואָס געפֿינט זיך איצט אין מײַן הויז?

**משולם**: יאָ די! די איז אַ מאָהל שײַן געווען ווי אַלע וועלטען, זי איז אַ מאָהל געווען די מאַמע פֿון מײַן קינד וואָס איך האָב ביז דעם הײַנטיגען טאָג ניט געוואוסט דערפֿון און וועלכעס איז געשטאָרבען געוויס איבער מײַן שולד. העלף מיר מײַן פֿעהלער בעסער צו מאַכען (קניהט).

**גיטעלע**: גאָט! גיב מיר כּח אויף דער עלטער די בושה אויסצו־האַלטען... גוט! לאָז מיך מיט איהר רעדען!

**משולם**: זאָגסט מיר צו מאַמע, אַז דו וועסט מיט איהר גוט און ווייך רעדען?

**גיטעלע**: אונגערעכטיגקייט האָט נאָך גיטעלע סגל קיינעם ניט גע־טהון, געה שיק מיר איהר אַ הער.

**משולם**: אויף מײַן גאַנצען לעבען וועל איך דיר דאַנקבאַר זײַן (אָב).

**גיטעלע**: גאָט! זײַ מיר מוחל וואָס איך בין אַ צו שטאָלצע מאַמע איך ווייס איך האַנדעל נישט ווי עס דאַרף צו זײַן, אָבער איך

קען אַנדערש נישט, (הדסה ערשיינט אין טהיער, בלייבט שטעהן) קום אַהער, אָרעם קינד! קום נעהנטער צו! האָסטו שטענדיג אַזוי שלעכט אויסגעזעהען?.. האָסט אַ וודאי זעהר פיעל געליטען אין דיין לעבען?

**הדסה**: איך האָב שוין אַלסדינג פערגעססען.

**גיטעלע**: מיין זוהן האָט מיר שוין אַלסדינג דערצעהלט, אָבער איך וויל עס פון דיין מויל נאָך אַ מאָל הערען.

**הדסה**: פרעגט, און איך וועל אייך ענטפערן.

**גיטעלע**: ווי אַלט ביסטו געווען ווען מיין זוהן האָט דיך ערקענט?

**הדסה**: 15 יאָהר!

**גיטעלע**: נו, האָסטו ניט געוואוסט, האָסטו נישט געקענט פערשטעהען, אַז אַ אידישע טאָכטער מוז דאָס ערשטע איהר כבוד אָבהיטען, ניט מיט יעדען ערשטען בעסטען יונגען מאַנן, וואָס מען זעהט שוין זיך פערליעבען און גאָר ניט פרעגען ווער זיינע עלטערן זענען און אויב זיי וועלען צופריעדען זיין מיט דעם?

**הדסה**: האָט איהר די זעלבע פראַגע צו ערשט אייער זוהן געשטעלט?

**גיטעלע**: גאָט האָט געלאָזט די תורה דורך מענער שרייבען, דערפאַר האָבען די מענער זיך מעהר רעכט צו געשריבען. די מענער דאַרפען אָבגעבען דין וחשבון פאַר זייערע עבירות פאַר גאָט ערשט נאָכ׳ן טוידט, דערוויל האָבען זיי צייט צו זינדיגען, מיר ווייבער אָבער מוזען זיך פאַרענטפערען פאַר דער וועלט, פאַר אונזערע מענער, און דערפאַר מוז די פרוי קודם גוט בערעכנען וואָס זי טהוט!

**הדסה**: איהר האָט רעכט ביי זיך, אָבער איהר ווייסט ניט וואָס אַ אָרעם קינד האָט אויס צושטעהען אויף דער וועלט?

**גיטעלע**: אַדרבה! זאָג, וועל איך וויסען!

**הדסה**: שטעלט אייך פאָר מיין לאַגע! אַ אָרעם מערכען, דער טאַטע איז אַ אָרעמער חזן, פערדינט קוים דאָס שטיקעל ברויט, דאָס מיידעל זעהט מענשען אויף דער וועלט לעבען, עס גלוסט זיך איהר אויך צו לעבען, זי הויבט אָן צו חלומ׳ן, נאָכדעם האָפט זי איהרע חלומות זאָלען אֶמת ווערען! פלוצים קומט אַ יונגער מאַן, חאַפּט זיך אַריין ווי אַ גנב אין איהרע חלומות, זי חאַפט זיך אויף פון איהר חלום, זי געפינט איהם ביי זיך אין האַרצען. דער רייכער יונגערמאַן איז אַרויס אויף דער יאַגד צו חאַפען דאָס מענשליכע חיה׳לע, דאָס חיה׳לע איז געחאַפט געוואָרען, עס געפינט זיך אין זיין נעטץ, ער קען דאַמיט טהון וואָס עס גלוסט זיך איהם, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין מיט דער חיה׳לע געזעטיגט, לאָזט ער עס אַוועק, און דאָס

חיה׳לע בלאָנדזשעט אַרום אָהן אַ היים, אָהן אַ נעסט, אָהן פֿריינדע און אָהן בעקאַנטע ביז עס ווערט געפֿאַנגען אין אַ אייזערנעם שטייג, עס זאָל ח״ו די מענשען ניט שאַדען. דאָס איז די געשיכטע פֿון מיר מיט אייער זוהן! נון? קענען דאָס פֿערשטעהן די רייכע לייט?!..

**גיטעלע:** יאָ האָסט רעכט צו פֿערלאַנגען פֿון מיין זוהן אַז ער זאָל זיין פֿעהלער בעסער מאַכען, אָבער ער קען עס ניט ווייל ער האָט צו קלייבען צווישען 2 בעלי חובות, — מיר איז ער שולדיג! און דיר איז ער שולדיג! — איך בין זיין עלטערער בעל חוב, און דיין חוב וויל איך ביי דיר אָבקויפֿען! איך וועל דיר געבען 2000 גולדען דו זאָלסט די שטאָדט פֿערלאָזען!

**הדסה:** ער האָט מיר מיין לעבען געראוּבט, מיין לעבען און דאָס לעבען פֿון מיין קינד, און מיט לעבען מוז ער מיר בעצאָהלען, ניט מיט געלד!

**גיטעלע:** אויך מיר איז ער לעבען שולדיג, זיין גאַנץ לעבען וואָס איך האָב איהם געגעבען געהער מיר און קיינער קען פֿאַן איהם פֿערלאַנגען אָהן מיין ערלויבניס!

**הדסה:** איהר האָט רעכט! אָבער מיין אונגליק איז זעהר גרויס (אויפֿטריט גאָרגעל שטיל, הערט אונטער).

**גיטעלע:** הער!.. נאָך מעהר!.. דאָס מיידעל וואָס דו האָסט דאָ אין הויז געזעהען, וואָס זי האָט מיט דיר אַזוי פֿיעל רחמנות געהאַט, און דו האָסט צו איהר אַזוי פֿיעל ליעבשאַפֿט בעוויזען — דאָס מיידעל איז פֿאַר איהם בעשטימט! און ווען דו רייסט איהם אַוועק פֿון איהר אַזוי מאַכסטו איהר אונגליקליך צו זאַמען מיט זיין אַלטער מוטער! פֿאָלג מיך, דיין טאַטע איז אַ אַלטער שוואַכער מאַן, מיט 2000 גולדען קענסטו זיין לעבען גליקליך מאַכען, ברענג דיינע יאָהרען פֿאַר אַ קרבן פֿאַר דיין טאַטען, פֿאַר דאָס יונגע קינד וועלכע דו ליעבסט און אויך פֿאַר מיין זוהן ווען דו האָסט אַ מאָל איהם געליעבט.

**הדסה:** איהר צוברעכט מיר מיין האַרץ! איהר האָט רעכט, מיין טאַטע איז אָרעם, און קראַנק, דאָס יונגע שפּרה׳לע האָט מעהר רעכט צו לעבען, איך וויל!.. יאָ איך מוס איהר מיינע יאָהרען אַוועקשענקען!..

**גאָרגעל:** (טרעט פֿאָר) ניין! מיינט ניט בעקערין אַז איהר באַקט ברויט, מעגט איהר נשמות אויך באַקען!.. די חלה וועט אייך ניט געראָטען!.. פֿאַר אַ טרונק בראַנפֿען האָב איך מיין לעבען פֿערקויפֿט, אָבער דאָס לעבען פֿון מיין קינד פֿאַרקויף איך ניט פֿאַר אייער גאַנצע בעקעריי!.. הדסה!.. קום מיט דיין טאַטען פֿון דאַנען! אין דעם הויז ברענט אַ העליש פֿייער, ניט אין בע־

קעריִשען אויוועֶן נאָר איןִ הערץ פוּן דער בעֶקעריןִ! דער גרויסער בעֶקער איןִ היִמעל וואָס גיִט ברויט פאַר דער גאַנצער וועלט, וועט אָן אונז אויך ניִט פערגעֶסען, און דיִ בעֶקערקעֶ מיִט איִהר הולטאיסקען זוהן וועלען פערברענט ווערען איןִ זייער אייגענעֶם אויוועֶן!.. קום!..

**גיטעלע:** איִהר זענט אַ געמיינער שׂכור!

**גארגעֶל:** צו דעם האָט מיִר אייער זוהן געבראַכט, און איך וויל אַזוי לאַנג גיִעסען דיִ ברענעדיִגע משקה ביִז איִהר וועט פערברענט ווערען.

**הדסה:** טאַטע שעלט ניִט, האָסט מיִר געשוואָרען ניִט צו שיִלטען.

**גארגעל:** דאָס הייסט ניִט געשאָלטען, אַלע קללות פוּן דער תּוכחה זענען צו וועניִג, אַ שרפה, אַ מגפה פון דער וועלט זענען צו וועניִג!.. קום!.. (וויל געהען).

**הדסה:** טאַטע! לאָז זיין... (אויפטריט משולם).

**משולם:** מאַמע וואָס האָסטו געטהון?.. בעסער טוידט מיִך!..

**גארגעל:** דאָס איִז צו וועניִג!.. קום, הדסה!..

**משולם:** ניין, איך לאָז איִהר ניִט (פארשטעלט דעם וועג, גאָרגעל וויל איהם שלאָגען מיט'ן פיעדעל).

**גארגעל:** גזלנים! רוצחים! לאָזט אונז אַוועק! (גאָרגעל, הדסה, אב. גיטעלע פאַלט אויף משולם'ן אָהנמעכטיג).

פערוואַנדלונג

(אַ אָרעמעס צימער. חוה שטעהט פערפרוירען.)

**חוה:** דיִ קבצנים זענען נאָך ניִט אַ היים געקוממען! חלעבען גאָט פרייט זיִך איִבער אונז, ווייל ער זעהט ווי איין קבצן גיִט דעם אַנדערען. עס איִז נאָך ניִט גענוג מיינע צרות מוז איך נאָך דאָס לעצטע שטיִקעל ברויט מיִט זיי זיך טהיילען! אָבער נעכטען האָט שוין גאָר ניִט געהאָלפען און זיי האָבען נעביִך ביידע געמוזט איִן אַזאַ פראָסט אַרויסגעהען אַ שטיִקעל ברויט פערדיִענען און זיי זענען נאָך ניִט צוריִק געקומען! (אויפטריט שלמה מיט האָלץ).

**שלמה:** אַ גוטען אָבענד!.. אָט דאָ וואָהנט דיִ קבצנה'טע?..

**חוה:** דאָ האָט זיִ געוואָהנט, איִצט וואָהן איִך אונטער'ן דאַך, און דיִ שטוּב האָב איך פערדונגען דעם הויפמוזיִקאַנט מיִט זיין טאָכטער.

**שלמה:** אַזוי?.. האָב איִך דאָך גוט געטראָפען! לעבען זאָל שלמה המלך! ער האָט געזאָגט „זֵכֶר צַדִיק לִבְרָכָה״, מאַכט עברי טייטש, וואויל איִז דעם צדיק וואָס געהט אָנגעטהוען מיִט אַ פעלץ, און אַז ער האָט ניִט קיין פעלץ מוז ער האָבען האָטש אַ וואָגען האָלץ דיִ

נשמה אָנצוּוואַרמען און דערפאַר האָב איך שלמה׳לע געזאָרגט, דאָ האָט איהר האָלץ און פאַר דאָס איבריגע זאָרגט איהר! נעהמט און מאַכט פייער, די קבצנים וועלען אַ היים קוממען באַלד לאָזען זיי געפינען אַ פרעהליכען אויוועז.

**חוה:** הונדערט יאָהר זאָלט איהר לעבען! דאָס האָלץ האָט אַ וודאי געשיקט די פרומע גיטעלע?!

**שלמה:** וואָס איז דיר דער חילוק וועד עס האָט געשיקט, צו די פרומע גיטעלע, צו דער חכם שלמה?! דער עיקר איז אַז מען האָט געבראַכט! האָלץ איז דאָ? — קאַלט איז אין דרויסען?.. נעהמט און מאַכט פייער!.. אָבער איך זעה דאָ גאָר קיין אויוועז ניט!

**חוה:** דער אויוועז שטעהט דאָרט אין אַלקער, אַז מען מאַכט דאָרט פייער ווערט דאָ וואַרעם, אַז איהר ווילט אַזוי גוט זיין העלפט עס מיר דאָרט אַריין טראָגען.

**שלמה:** אויף ויצא יעקב, מאַכט די עברי טייטש׳, מען דאַרף קיין פוילער ניט זיין, אַז מען וויל עס זאָל זיין וואַרם טאָהר מען ניט קיין גאַנג שפּאָרען... (אָב מיט חוה, קומט באַלד צוריק), אַזוי איז מיט די חוה׳ס! ווער ווייסט וואָס מיט איהר איז געוועזען אין דער יוגענד!.. און דאַדורך זעהט זי אַזוי אוים! אוי, די חוה׳לעך!..

# I.

צייט גאָט האָט פון אָדם׳ס ביין
אַ חוה איהם געמאַכט
אוי האָט ער פון איהר אויסצושטעהן
ביי טאָג און אויך ביי נאַכט.
עסען ברענג איהר ביז צום בעט,
זי פרעסט אַ גאַנצען טאָג
און פרוב נאָר גיעב איהר ניט אַ גלעט
איז אַ יאָמער אַ קלאָג.
ערשט געוויינט און שוין אַ שמייכעל
לאַנגע האָר און אַ קורצען שכל,
באַלד פערגעסען זיי ועמען זיי האָבען ליעב
און אַז עס קומט אָן די צייטען
ווען עס שטעהט זיי אין די זייטען
טאָ נעהם חאָטש העגד און פיס און לויף אַרוים פון שטוב
נור דאַן אין שלאָף זענען זיי גוט אָהן אַ סוף.

חוה! אוי, אוי, אוי, חוה! ווי קומט עס חוה?..
מיך וואונדערט גאָר אָהן אַ שיעור
אַז חוה, אוי, אוי, אוי, חוה! וואָלט איך געוועזען טשיקאווע
זעהן וואָס ועט אַרויסקומען פון דיר.

## II.

איך האָב אַ חוה אַ מאָל געקענט
שוין 15 יאָהר געווים,
געהאַט האָט זי 2 לאַנגע הענד
און אויך 2 קרומע פים.
געקומען איז זי פון עק וועלט
א דארע, אַ ווילדע קאַץ
דינען האָט זי זיך געשטעלט,
געקריגען קוים א פלאַץ.
פון די טעפלעך פלעגט זי נאַשען
און פלעגט זופען פון די פלאַשען
די גאַנצע שטעדטיל האָט מיט איהר געבַרעשם,
זי פלעגט לעקען פון די טעפלעך
און אויפרעסען אלע קרעפלעך
ביז ס'איז געוואָרען קענטיג אַז זי נאַשט —
גאַנץ שיין, נישט שלעכט
ווער האָט זיך דאָס גערעכט?

חוה! אוי, אוי, אוי! חוה!.. א. ז. וו.

## III.

איך האָב נישט לאַנג דאָרט אין דער גאַם
פון אַ געשעפט גערעדט,
איך זעה אַ דאַמע זעהר בלאַם
פאָהרען אין אַ קאַרעט
איך האָב אין דער דאַמע באַלד ערקענט
די חוה פון אַ מאָל!
זי טראָגט בראַסלעטען אויף די הענד
און בריליאַנטען גאָר אָהן צאָהל.
אויסגעפוצט ווי אַ גרעפין
טראַכט און טראַכט און קען נישט טרעפין
פון וואַנען איז זי געוואָרען גרוים?
פרעגען האָב איך מיך גענומען
אַ ענטפער האָב איך באַלד בעקומען
אַז זי פיהרט אין שטאָדט אַ גרויסאַרטיג הויז —
גאַנץ פיין, ניט שלעכט
ווער האָט זיך דאָס גערעכט?

חוה! אוי, אוי, אוי חוה!.. א. ז. וו.

## IV.

נישט אַלע חוה'ס זענען שלעכטע
דאָס קען איך אייך שווערען,
עס איז דאָ גוטע און גערעכטע
איך וויל עס אייך ערקלערען.
יענקעל שוסטער דער קבצן
ער זעהט שוין אויס אַ פּגר,
ער איז שוין נישט קיין יונגער מאַן
און איז אַ מאַן נאָך, ווי דער שטיינגער...
און זיין חוה בליהט נאָך ווי אַ רויז,
חאָטש זי וואַקסט פון אַ אָרעם הויז.
זי וואָלט אויך קענען לעבען גליקליך פריי
און אַרבייט טעגליך פון בעגין
אַ גאַנצע נאַכט ביי דער מאַשין
און בלייבט איהר מאַן אויף אויביג געטריי
און זי האַלט אויס
דאָס גאַנצע אָרעמע הויז.

חוה! דאָס איז אויך אַ חוה, אָט אַזאַ חוה
געפינט איהר ניט ווי ווייט,
חוה! אָט אַזאַ הוה!
וואָלט איך געוועין טשיקאַווע
איהר זאָלט מיר ווייזען ביי די רייכע לייט!.. (אב).
(אויפטרים שפרה מיט אַ קערבעל עססען און ברויט).

**שפרה:** אַ דאָ מוז עס זיין! איך זאָל ניט געשטראָפט ווערען פאַר די רמיר, דער דלות פייפט אין אַלע ווינקעלעך! מיט די עטליכע ברויט קען מען דעם דלות חאָטש אַ פּאָר טעג דעם פּיסק פערשטאָפּען ער זאָל אַזוי ניט פייפען. דאָ האָב איך געבראַכט פליייש... יאָ אָבער צו פליייש דאַרף מען דאָך אויך האָלץ!.. אָבער וואו זענען זיי? .. העי, קבצנים!.. (אב, אויפטרים הדסה, גארגעל, ציטערן פאר קעלט).

**גארגעל:** געלויבט איז גאָט! מיר זענען שוין אין אונזער היים!.. קיינער האָט אונז שוין קיין דעה ניט צו זאָגען!.. אונזער דלות, אונזער פּראָסט!.. מיר מעגען זיך אויסשטרעקען אין דער לענג און אין דער ברייט! — חאַטאַ פּאָקרישקע — זאָגט דער יון, איך וויל זעהן ווען די בעקערין זאָל דאָ וואָהנען חאָטש אַ האַלבע שעה, צו זי וואָלט נאָך געוועזען אַזאַ ברייטע מחותנת'טע, נשמות אָבצוקויפען. (ער זעצט זיך פאַלט אויף'ן בענקיל).

**הדסה:** זיי מיר טאַטע מוחל, דורך מיר ליידעסט דו אַזוי פּיעל!

ווען איך זאָל געווען וויסען ווער די בעקערין איז, וואָלט איך דיך אַהין ניט געווען אַריינגעפיהרט, פאַר אַלעס פון דער וועלט, אָבער איך שווער דיר !..

**גארגעל :** שאַ!.. נור ניט שווערען! אַשיכור שווערט תמיד פאַלש! צו איז מען שיכור פון בראַנפען, צו איז מען שיכור פון צרות!. הדסה! די וועלט איז שטענדיג שיכור! דערפאַר דרעהט זי זיך שטענדיג!.. אויך איך קען ניט איינשטעהען אויף מיינע פים! אָבער האָם ביסט דו שולדיג ?.. מיין אָרעם קינד!.. אוי הדסה!.. מיר דאַכט זיך, די וועלט בלייבט שטעהען, די ליכט הויבען אָן אויסצוגעהען, עס ווערט פינסטער... זעה הדסה דאָרט אויף דער סטעליע שטעהט איינער מיט אַלאַנגער שווערד און וויל מיך קוילען!.. (שפרינגט אויף) טרייב אַוועק די שלאַנגען פון מיר!.. זיי ווילען מיך בייסען!..

**הדסה :** גאָט אין הימעל! ער רעדט פון היטץ, און איך האָב ניט מיט וואָס אַ דאָקטאָר צו רופען, טאַטעניו שרעק דיך ניט!.. גאָט איז מיט דיר וואו האָסטו שלאַנגען ?!. די שלאַנגען וואָהנען אין די רייכע פאַלאַסטען!.. דאָ איז קיינער ניטאָ, מעהר ניט ווי אונזער בעסטער פריינד הונגער און נויטה, מיר זענען מיט זיי שוין געוואָהנט וואָס שווייגסט דו ?!. טאַטעניו!.. רעד צו מיר איין וואָרט!.. צו דיין הדסה!.. (טרייסעלט איהם) וועה איז מיר!.. ער איז פערגליווערט!.. ער שטאַרבט!..

**גארגעל :** שאַ!.. שאַ!.. איך לעב נאָך!.. אַ אָרעמאַן קען אַזוי גיך ניט שטאַרבען מיט איין מאָל... דער מלאך המות איז מיט אונז אַ גוטער ברודער!.. אויף אונז לערנט ער זיין מלאכה... יעדען טאָג טוידט ער אין אונז אַ אַנדער אֵבר, דערפאַר צום סוף האָבען מיר אַ גרינגען טוידט!..

**הדסה :** זאָג טאַטע, מיט וואָס זאָל איך דיר מחיה זיין ? אָט האָסטו אַ פריש שטיקעל ברויט, נעהם און ערקוויק דיך!

**גארגעל :** זיי ניט קיין נאַר, מיין גוף איז שוין לאַנג טוידט! די נאַרישקייט האָט שוין לאַנג צו מיר קיין שליטה ניט. נאָך לעבט אין מיר די נשמה, אַז דו ווילסט איהר מחיה זיין עפיס מיט אַ גוטע נגינה, זינג מיר דאָס שטיקעל „ומפני חטאינו" און גיעב מיר מיין פידעלע וועל איך דיר צו העלפען.

**הדסה :** איך האָב מורא עס זאָל דיר ניט אָנשטרענגען.

**גארגעל :** פאַר די מעלאָדיע האָט קיין מת קיין מורא ניט, דעם מת אַרט ניט וואָס אין קבר איז פינסטער... זינג!.. זינג מיר מיין קינד!.. (זי זינגט ומפני חטאינו ער שפיעלט ביז ער חלישט).

**הדסה :** וועה איז מיר! ער חלישט!... הילפע!.. הילפע!.. אַ

דאָקטאָר !.. (אויפּטריט שפרה, שלמה, חוה).

**אלע:** וואָס איז? וואָס איז געשעהן?

**שלמה:** דער קבצן האָט זיך געקעהרט איבערעסען!

**שפרה:** שווייג דו בעקעריונג, מיט דיינע אַלטגעבאַקענע ווימצען, מען דאַרף אַדאָקטאָר!... ניט ווייט פון אונזער הויז וואָהנט אַ גוטער רופא!..

**הדסה:** גוטע מענשען! גיט דערוויל אכטונג, איך וועל לויפען נאָך אַ דאָקטאָר. (וויל לויפען בלייבט אין פערלעגענהייט אָבער וואו נעהמט מען אַ גולדען?

**שפרה:** נאַט אייך אַגולדען, איהר וועט מיר מאָרגען צוריק געבען. אָבער ביינאַכט אַפרוי אַליין?! שלמה! אפשר וועסטו מיט איהר מיט געהן?!

**הדסה:** אָה ניין! בעמיהט אייך ניט, איך האָב קיין מורא ניט, מיינע דיאַמאַנטען מיט מיין פערמעגען וועט קיינער מיר ניט אַוועקרויבען, אָבער ווער בלייבט ביי איהם?

**אלע:** מיר בלייבען דאָ ביז איהר קומט צוריק!

**הדסה:** גוט, גוט, זעהט נאָר, גיט אויף איהם גוט אַכטונג (אב).

**שלמה:** איצט טהוט וואָס דער דאָקטאָר הייסט אייך! (ווייזט אויף זיך) שלמה המלך זאָגט „הַכֹּל הֶבֶל" מאַכט די עברי טייטש — אַ טרונק בראַנפען קען קיין מאָל ניט שאַרטען! נעהמט איהם נאָר אַריין אין צווייטען צימער! דער אויוועז וועט איהם וואַרעמען פון איין זייט און אַ טרינק בראַנפען פון דער אַנדערער זייט, וועט דער דאָקטאָר מעגען אין דער היים בלייבען. (ווינקט איהם) ר' שלמה, ר' שלמה!.. ענטפערט ניט, ער לייגט איהם צו דאָס פלעשעל צום נאָז) ר' שלמה!.. אשנעפסיל!..

**נאַרגעל:** (חאַפּט זיך אויף) אַביסעל בראַנפען? (אלע פיהרען איהם אָב).

פערוואַנדלונג.

(רעכטס גיטעלעס וואָהנונג, לינקס אַ הויף ביי גיטעלען אַברונען, אטיהר צום קעלער, פענסטער אין וואָהנונג. הדסה לויפט אַרום ערשראַקען).

**הדסה:** זיי לויפען מיר נאָך! גאָט העלף מיר אין דער נויטה! אָט דאָ דאַרף ערגיץ זיין אַברונען, אָט איז עס, (קריכט אַריין, אויפטריט עזריאל מיט 2 גנבים).

**עזריאל:** ווי געפעלט אייך דאָס נאַכט קעטצעלע, זי איז פערשוואונדען געוואָרען! אָט דאָ איז זי ערגעץ אַריין, אָבער ווי אַזוי?

**איינער:** גאַנץ איינפאַך, דורך דער טהיר!

**עזריאל:** הערט אויס, מיר וועלען דעם קאַססע קאַסטען אויפברעכען, און דאָס גאַנצע געלד אַרויסנעהמען, וועט מען חאַפּען די

הדסה מיט איהר טאַטען און מען וועט זיי בעשולדיגען. דעם אַלטען שיכור בין איך שולדיג אָבצודאַנקען.

**אײנער:** אַלזאָ קומט שנעלער לאָמיר געהען (אַלע 3 אב דורכ'ן פענסטער אין גיטעלעס הויז, די גנבים בינדען גיטעלען און משולם'ן די הענד און נעהמען פערשיעדענע זאכען).

**הדסה:** (שטעהט אויף) אוי! זיי זענען אַריין אין גיטעלעס הויז, איך קען פאַר שרעק ניט אַוועק געהן פון דאַנען, איך וועל אָנהייבען צו קלינגען אַליאַרם. (קלינגט מיטן גלאק, אויפטרים ארבייטער פון קעלער).

**אַלע:** וואָס איז? וואו ברענט?

**הדסה:** נײן!.. מערדער!.. גנבים! אָט דאָ!.. (ארבייטער קריכען דורכ'ן פענסטער, חאפען די גנבים שלאָגען זיי).

פ אָ ר ה אַ נ ג  פ אַ ל ט.

# דריטער אקט.

(אַ הויף, רעכטס איינגאנג צו גיטעלע — לינקס א טהיר צום בעקעראויוען שלמה, בעקעריונגען, מיידלעך. ערב פסח).

**שלמה:** עס איז שוין 8 אַזייגער, די בעל הבית'טע שרייט מען דאַרף שוין דעם חמץ פערברענען, מען זאָל אָבעסען דעם חמצ־דיגען אָנבייסען. נון ווער עס וויל ניט הונגריג בלייבען זאָל געהן צום טיש.

**אַלע:** צום טיש! צום טיש! (אב).

**שלמה:** מיר דאַכט זיך אַז ווען די יודען זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, האָבען זיי אַזאַ שמחה ניט געהאַט ווי די בעקעריונגען ווען זיי האַלטען ביים חמץ פערברענען. און זיי האָבען חלעבין רעכט, אַגאַנץ יאָהר ליגען אין דער ראָסטשינע און זיין פערמעהליגט איז ערגער ווי קנעטען ליים און מאַכען ציגעל צו מויערן פיתום ורעמסס. אָבער מיר איז די שמחה פערשטעהרט. זייט די גאַסענזענגעריין האָט די בעל הבית'טע געראַטעוועט פון די גנבים איז זי מיט איהר אַלטען כלי זמר די גאַנצע בעלי בתים אין הויז. שפרה'לע האָט גאָר פערגעסען אָן איהר ליבען שלמה'לען, דער קאָפּ איז איהר שטענדיג ביי הדסה'ן! עס זאָל איהר חלילה ניט עפּעס פעהלען. נור ווי איך פערשטעה האָט שפרה'לע אַזאַ מין קראַנקהייט צו ליבען אַלע מענער, וויפיעל מאָל האָב איך איהר ערקלערט אַז די בעל הבית'טעס זוהן איז צו אַלט פאַר

איהר, ער פאסט גיבער איהרער אטאטע צו זיין; איצט איז זי פערליעבט אין דעם אלטען וואס פאסט איהר זיידע צו זיין! היינטיגע קינדער זענען גאר ניט צו פערשטעהען, וואס עלטער זיי ווערען, מעהר נארישער ווערען זיי. אוי קינדער! קינדער! ווי לאנג נאך וועט איהר זיין קינדער? ! אומזיסט, שלמה המלך, איז געווען דיין מיה! אומזיסט דיין שרייען: „שלמה אני, אני שלמה"!

# I.

די מענשען קענען מיר גאר ווענים
און מאכען מיר אוועק מיט דער האנד,
זיי ווייסען ניט אז שלמה'לע קעניג
איז דער קליגסטער מענש אין לאנד.
מענשען זאגען אז דער גרעסטער חכם
איז געווען שלמה המלך אליין,
און איך זאג ער פארדינט ניט די שבחים
ווייל ער איז גאר קיין חכם געווען.
ווען ער וואלט געווען א קלוגער יונג
אזוי ווי די מענשען אויף איהם זאגען,
וואלט ער ניט געגעבען דעם אשמראי דעם רינג
און נאכדעם ארומגעהן קלאגען:
איך בין געוועזען גרויס, יעצט בין איך קליין
וואס העלפט מיין שרייען מיין געוויין
פון פריהער דעם כבוד האב איך ניט
חאטש שריי ביז מארגען שלמה אני, אני שלמה!

# II.

הערט אחכמה פון א קעניג
הערט מיט וואס מען ווערט א חוואט
איין שיין ווייבעל איז איהם געווען ווענינ
נו, האט ער טויזענד שטיק געהאט.
א מאן פון אונס קען ניט אויסקומען
מיט איינער וואס זי איז ניט געטריי
און ער האט גאנצע טויזענד גענומען,
נו וואו ושע שטעקט דא זיין חכמה דערביי?
אבער איך בין א חכם איינער
איין שפרה'לע איז פאר מיר גענוג
מיר זאל זיין פאר איהרע ביינער
נו, זאגט אליין בין איך ניט קלוג?

אוּן זֶעהֶען אִימֶער אוּים גאַנץ שײַן,
ווײַל זײַ זֶענֶען טִיעף גֶעזוּנקֶען
לִיעבֶּען זײַ זִיך מִיט פַאַרבֶּען צוּ שמִינקֶען
אוּן שאַמפּאַניעֶר פִיעל צוּ טרִינקֶען.
גנבים פוּן גרוֹיס בִּיז קלײן
זײַ זאָגֶען לִיגֶען, אוּם צוּ בֶּעטרִיגֶען
אוּן טהוּעֶן נאָך קרִיגֶען, דעֶרפאַר אַלאָרבֶּעֶרקראַנץ
דעֶרפאַר געֶהט עֶר אַוועֶק, מִיט חוּצפּה גאָר אַ שרעֶק
אַ שִיכּוֹר אָהן אַנ׳עֶק, אוּן געֶהט אִין קלוּבּ צוּ טאַנץ (טאַנצט, מוזיק שפּיעלט מארסעליעזע)

II.

אִין דײַטשלאַנד אִיז אִיבּעֶרהוֹיפּט נִיט גוּט
ווײַל אוֹיף יעֶדעֶן שרִיט אוּן טרִיט
טרעֶפט אִיהר דאָרט אַ אַנטִיסעֶמִיט.
אִין יעֶדעֶס הוֹיז אִין יעֶדעֶן פּלאַץ
לִיגט עֶס מעֶהרעֶר נִיט אִין זִינעֶן
בִּיער זאָל אִין דִי גאַססעֶן רִינעֶן
אוּן עֶר זאָל אִירגעֶנד וואוּ געֶפִינעֶן
אַ דײַטשקעֶ וואָס זאָל זײַן זײַן שאַץ
זִי מוּז זײַן אַ פעֶטעֶ, ווײַל עֶר לִיעבּט קײן נעֶטעֶ
אוּן זאָל הײסעֶן יעֶטעֶ, אוּן זאָל אִיהם רוּפעֶן, לִיעבּעֶר האַנס!
דאַן נעֶהמט עֶר זײַן שאַץ אִין פעֶראײַן
אוּן דאָרט גִיסט מעֶן אַרײַן
אוּן מעֶן נעֶהמט זִיך בּײדעֶ צוּם טאַנץ. (טאַנצט, מוזיק שפּיעלט: אך דו מיין ליעבער אויגוסטין!..)

III.

נעֶהמט אִין רוּסלאַנד גִיט אַ חאַפּ
דעֶם פּראָסטעֶן אײַנפאַלעֶן קאַצאַפּ
אוּן גִיט זײַן דוּפק נאָר אַ טאַפּ,
ווֶעט אִיהר זעֶהן עֶר אִיז נִיט שלעֶכט.
מעֶן דאַרף נאָר ווִיסעֶן דאַן
ווִי אַרוּם צוּ געֶהעֶן מִיט אַזאַ אִיוואַן
אִיז עֶר אַ בּהמה וואָס קײַט שטרוֹי
דאַן ווֶעט אִיהר זעֶהן אַז אִיך האָבּ רעֶכט
זײַן גאַנץ שטרעֶבּעֶן — אוּן זײַן לעֶבּעֶן
אִיז, מעֶן זאָל אִיהם געֶבּעֶן, אַ גלעֶזעֶל שטאַרקעֶן ראָם

און אַז דער עֶזעל, טרינקט נאָר אויס אַ גלעזעל
ווערט איהם רויט זיין נעזעל און שרייט: „קאַמאַרינסקאַיאַ פּאַדאָוואַי"
(טאנצט, מוזיק שפּיעלט קאמארינסקאיא).

## IV.

געבענשט מיט צרות איז דער איד
אַ גאַנצע וואָך ווערט ער נישט מיעד
עס רוהט אין איהם קיין איינציג גליד
זיין זאָרג איז ווירקליך גרויס,
דערפאַר אַז ס'קומט דער שבת
טהוט ער אויס די שקראַבעס
און וואַשט זיך אָב די לאַפּעס
און געהט זיך אַביסעל אויס,
אַ בילעט ביי'ם קאַסירער בעט ער
אין טהעאַטער געהט ער
און דאָס נייע שטיק זעהט ער
און עס געפעהלט איהם שעהן
קומט ער אַ היים צו געהן
און שרייט עס איז געווען
אויסגעצייכענט שעהן
און שטעלט זיך אַנידער טאַנצען (טאנצט, מוזיק, שפּיעלט אַ דריידעל, וויל אָב, אויספרים שלמה מיט אַ פלאַש בראַנפען).

**שלמה:** (רופט איהר) פּסט... פּסט... שפרה'לע!

**שפרה:** צו דינען! גרויסער קעניג שלמה המלך! וואָס וויל דער קעניג בעפעהלען?

**שלמה:** היינט איז מיין טאָג, איך בין אַ בכור. קויף איך מיך אויס, דאַרף איך געבען לעקאַך און בראָנפען, אַז דו ווילסט קען איך דיך מכבד זיין.

**שפרה:** איך האָב שוין בודק חמץ געווען, איך קען מיר שוין ניט פאַרען מיט זויערטייג.

**שלמה:** אָבער דער חמץ איז דאָך נאָך ניט פערברענט. פאָלג וואָס שלמה'לע קעניג זאָגט דיר, וואַרף ניט אַרויס דעם חמץ, איידער דו האָסט נאָך די מצות. דער גרויסער שלמה המלך האָט געזאָגט: „וטובים השנים מהאחד" מאַכט די עברי טייטש ד'רויף: קינדער דאַרפען ניט דרימלען ביי דער הגדה ... שפרה'לע! שוין אַ רעכטע צייט ווי דו שלאָפסט איין ביי מיין הגדה!..

**שפרה:** מיר דאכט זיך אז דער קלײנער שלמה המלך איז אַביסעל שכור. אוי איך װעל דיך ניט מקנא זײַן אז די מוהמע װעט דיך דערזעהן שכור, דו װײסט אַז אַ שכור, אַ גנב און אַ קאָרטענ-שפּילער טאָרען זיך ניט געפינען אין איהר הויז.

**שלמה:** פאַר װאָס-זשע האָט זי אַרײַנגענומען שלמה שיכּור אין הויז?

**שפרה:** דו געמײנער בײגעל-בעקער דו האָסט דעם אַלטען ניט צו בעלײדיגען, האָסט איהם שוין געזעהן שיכּור זײַט ער איז בײַ אונז? ער האָט געשװאָרען אין שוהל פאַר אַ מנין מענשען אַז ער װעט ניט טרינקען און ער טרינקט ניט.

**שלמה:** אויב עס געהט דיר אין דער שבועה, װעל איך דיר אויך שװערען. נור זײַ ניט אַזוי אין כעס אויף מיר... אָט קומט דער אַלטער, ער זאָל מיך ניט װעלען בײַ דער מוהמען פערקלאָגען אַז ער האָט מיך געזעהן שכור!.. (אויפטריט גאַרגעל).

**גארגעל:** יאָ, יאָ, שלמה'לה! אַ שכור איז ערגער װי אַ דבר אחר, אַ דבר אחר הײבט זיך אויף פון דער בלאָטע און אַ שכור פאַלט אַרײַן אין דער בלאָטע.

**שלמה:** אָבער איהר זענט דאָך ניט אַ שומר פון „דברים אחרים"!.. איהר װעט אַ װדאי די בע"הב'טע ניט דערצעהלען אַז איהר האָט מיך געזעהן שכור?

**גארגעל:** אַז זי װעט מיך ניט פרעגען!

**שלמה:** אָבער אַז זי װעט אײַך יאָ פרעגען?

**גארגעל:** װעל איך אַ װדאי ז'עם אמת זאָגען!

**שלמה:** נו און עס װעט אײַך גאָר ניט אַרען אַז זי װעט מיך אום ערב פסח אַרויסװאַרפען און איך װעל בלײַבען אָהן דעם סדר אָבגערעכט?

**גארגעל:** אַז דו האָסט דאָס געװאוסט, װער האָט דיך געהײסען טרינקען?

**שלמה:** דאָס איז ניט קײן פּראָסטער בראַנפען, דאָס איז אַלטע סליװאָטשניק און דעם סליװאָטשניק האָט נאָך שלמה המלך גע-טרונקען װען דער אַשמדאי האָט איהם אויסגעשפּיגען, און װיעדער בין איך אַ בכור און מיט דעם סליװאָטשניק האָב איך מיך הײַנט אויסגעקויפט (לאָזט די פלאַש) שפרה'לע, איך װעל דיר עפּיס זאָגען (זאָגט איהר אַ סוד) קום װעל איך דיר װײַזען װי די בעקעריונגען זענען טוידט שכור. (אַב)

**שפרה:** איך װעל אומישנע זעהען. (אַב)

**גארגעל:** (נאָך פּויזע) ער האָט די פלאַש איבערגעלאָזט!.. אוי! װיען איך זאָל קענען חאָטש אײן לעק טהון פון דער פלאַש!.. עס איז אַלטער סליװאָטשניק האָט ער געזאָגט!.. אָבער איך טהוע עס

ניט פֿאַר אַלס אין דער וועלט, חאָטש איך בין דאָך אויך אַ בכור און איך דאַרף מיך אויסלייזען, אָבער איך האָב געשוואָרען קיין בראַנפֿען מעהר צו טרינקען!.. פֿאַר וואָס אָבער האָט דער שייגעץ מיך אַליין איבערגעלאָזט מיט דעם מת?.. אָבער ניין!.. מיין הדסה האָב איך געשוואָרען!.. שטן!.. מעגסט הייסען סליוואָ=טשניק אָדער פּראָסטער בראַנפֿען, דו וועסט מיך ניט פֿערפֿיהרען, אַוועק פֿון מיינע אויגען!.. (ווארפֿט אָב די פֿלאַש, אויפֿטרים שלמה הויבט אויף די פֿלאַש).

**שלמה:** וואָס האָט איהר מיין סליוואָטשניק אַוועק געוואָרפֿען?

**גאָרגעל:** האָט דער שטן נאָך ניט צעבראָכען דעם האַלדז?!.

**שלמה:** חי! עס האָט זיך אַפֿילו אַביסעל אויסגעגאָסען עס איז אָבער נאָך דאָ גענוג!

**גאָרגעל:** דאָס איז אַ שפּיצעל פֿון יצר הרע!

**שלמה:** אָבער ער איז אין גאַנצען אויסגעוועבט געוואָרען, קליינע קינדער מעגען איהם אַצונד טרינקען... איך וועל פֿערזוכען! (טרינקט) חלעבען, ריין וואַסער! ר' גאָרגעל! חלעבען טהוט אַ טרונק אויף מיר די עבירה.

**גאָרגעל:** ניין, יצר הרע מעגסט זיך פֿאַרשטעלען פֿאַר אַ בעקעריונג, גאָרגלען קריגסט ניט אַריין!

**שלמה:** ר' גאָרגעל איהר מעגט טרינקען! לחיים! גאָט זאָל געבען אייער טאָכטער הדסה זאָל מיט איהר מאַן נאָך גליקליך זיין! איך וויל זעהען צו איהר וועט זיין אַזאַ שלעכטער טאַטע?!.

**גאָרגעל:** פֿון הדסה'ס וועגען? אַ יאָ, איך טרינק לחיים! אָבער נאָר איין טראָפּען. לחיים, הדסה זאָל גליקליך זיין!.. (טרינקט) און נאָך איין טראָפּען פֿאַר גיטעלעס וועגען!.. לחיים, גיטעלע זאָל אַ שיבה טובה האָבען!.. (טרינקט).

**שלמה:** אַבי ער האָט נאָר פֿערזוכט וועט עס שוין געהן, איך וועל זעהען צו וועט ער מיך נאָך פֿאַרמסר'ן קענען (לעקט) אַ מחיה ער איז שוואַך ווי וואַסער איהר מעגט נאָך איינס טרינקען פֿון שפֿרה'לעס וועגען.

**גאָרגעל:** פֿון שפֿרה'לעס וועגען, טרינק איך 2 מאָל לחיים, זי איז אַ טהייער קינד! לחיים, שפֿרה'לע זאָל לעבען!..

**שלמה:** נו, און פֿאַר מיינעט וועגען גאָר ניט?!.

**גאָרגעל:** יאַ, לחיים פֿאַר דיינעט וועגען — נו און איצט פֿאַר מיינעט וועגען און פֿאַר אַלע יודעלעך!.. לחיים, אַלע יודען זאָלען לעבען!.. (ער טרינקט אויס ביז'ן דעק, אויפֿטרים בעקעריונגען, כאָר).

**שלמה:** מיינע טהייערע פֿריינד!.. היינט ווייל איך בין אַ בכור מוז געטרונקען ווערען!

**איינער:** צו ערסט מוז דער חמץ פערברענט ווערען די בע"ב'טע
וועט שרייען, עס איז שוין שפעט.

**שלמה:** קינדער! איך לייג פאר, אזוי ווי פסח איז אבעקערישער
יום טוב אגאנץ יאהר ליגען מיר אין דער ראסטשינע, זאלען מיר
דעם חמץ פערברענען מיט געזאנג און טאנץ!..

**גארגעל:** (שיכור) ווען די יודען פלעגען אין בית המקדש דעם חמץ
פערברענען... פלעגען די לוים דערביי שפיעלען און זינגען און
דאס פאלק האט געטאנצט...

**אלע:** ר' גארגעל האט רעכט! וואו איז די פידעל?

**שפרה:** (דערלאנגט די פידעל) אט איז די פידעל! די מוהמע האט
געהייסען די פידעל בעהאלטען צווישען חמץ!..

**שלמה:** פונקט גוט! דא האט איהר אייער פידעל און שפילט אונס
עפיס אגוט שטיקעל.

**שפרה:** (בעטראכט גארגלען) וואס איז דאס? די מוהמע קומט באלד פון
דער גאס וועט זיך טהון חושך!

**גארגעל:** מיין פידעל איז ביי מיר. וואס האב איך מורא?!.. זי
האט מיך געשפייזט 17 יאהר און וועט מיך אויף דער עלטער
אויך ניט פערלאזען... איך וויל אזוי לאנג שפיעלען ביז דער
מלאך המות וועט די לעבענס-טענער איבעררייסען!..

**אלע:** אנגעפאנגען!

**גארגעל:** איך וועל מאכען די ברכה על ביעור חמץ נאך דעם חמץ
פערברענען.

**אלע:** גארגעל האט רעכט!

**גארגעל:** ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו
וצונו על ביעור חמץ! (מען מאכט פייער).

**כאר:** מיר אלע זענען געקומען פערברענען
דער חמץ פון אגאנץ יאהר
פאר אונזער פראצע, ווילען מיר מצה,
עסען ווי די קעניגע נאר
(ב״ס)

**גארגעל:** מיינע פריינדע איין זאך ווייס איך
האט געזאגט ישעיהו בן אמוץ,
אזוי ווי עס קומט ערב פסח
איז א מצוה צו פערברענען דעם חמץ

**כאר:** ברענט קינדערלעך ברענט!... אלעס וואס איהר קענט
מיר אלע זענען א. ז. וו.

**שפרה:** מענשען פוסטע בעלי טובות
וואס זיי צאהלען ניט קיין חובות

אוּן זײַ לעֶבּעֶן פוּן גְנֵיבוֹת
לײַגט זײַ אוֹיפ׳ן פֿײַעֶר!
אַלעֶ מִיאוּס׳עֶ פוּסטעֶ מײַדעֶן,
וועֶלכֶּעֶ ווִילעֶן זִיךְ אַרײַנרײַדעֶן
אַז זײַ זעֶנעֶן געֶלִיעֶבּט פוּן יעֶדעֶן
לײַגט זײַ אוֹיפ׳ן פֿײַעֶר.

**כאָר:** בּרעֶנט קִינדעֶרלעֶך בּרעֶנט א. ז. וו.

**שלמה:** מעֶנשעֶן שטִילִינקעֶ צבועקעֶם
וועֶלכֶּעֶ עֶסעֶן תּמִיד ראַקעֶם
אוּן אַ נדבה גִיעֶבּעֶן זײַ מכּות
לײַגט זײַ אוֹיפ׳ן פֿײַעֶר.
ווײַבּלעֶך וואָס זײַ לִיגט אִין זִינעֶן
אַ געֶלִיעֶבּטעֶן צוּ געֶפִינעֶן,
אוּן דעֶם מאַן פֿעֶרלאָזעֶן אִין מִיטעֶן דר׳אִינעֶן
לײַגט זײַ אוֹיפ׳ן פֿײַעֶר

**כאָר:** בּרעֶנט קִינדעֶרלעֶך בּרעֶנט א. ז. וו. (טאַנץ, אוֹיפטריט גיטעלע, טאַנצעֶן מִיט איהר).

**גִיטעֶלעֶ:** גאָט אִין זִיעֶבּעֶנטעֶן הִימעֶל זאָל זִיךְ אִיבּעֶר אוּנס עֶרבּאַרעֶמעֶן וואָס אִיז בּײַ מִיר אַקרעֶטשמעֶ?! אָדעֶר אַדוּלהוֹיז?! הוּלטאַיעֶס!.. שקצִים!.. (אלע אָב אויסער גאָרגעל).

**גאָרגעֶל:** (שיכּור) לוּסטִיג פרעֶהלִיךְ יוּדעֶן! הײַבּט פִים דאָס אִיז אַ אַלטעֶר מנהג ווײַס אִיךְ אַז דעֶר מלך בּן אָמוֹץ ווען עֶס אִיז געֶקוּמעֶן עֶרב פּסח האָט עֶר געֶטאַנצט בּײַם בִּיעוּר חמץ...

**גִיטעֶלעֶ:** וואָס אִיז דאָס פֿאַר אַ חוּצפּה, אִין מײַן הוֹיז?!

**גאָרגעֶל:** אַז אִיהר געֶפֿעֶלט נִיט אִין אִיהר הוֹיז וואָס גאָט אִיז געֶפֿעֶלעֶן אִין זײַן הוֹיז, אַזוֹי מעֶג זִי אַרוֹיס געֶהן!.. הײַנט אִיז עֶרב פּסח, הײַנט זעֶנעֶן יוּדעֶן געֶוואָרעֶן פֿרײַעֶ מעֶנשעֶן אִיךְ ווִיל אוֹיךְ פֿרײַ זײַן... פֿרײַ ווִי אַ פֿוֹיגעֶל אִין וואַסעֶר אוּן ווִי אַ פִישׁ אִין דעֶר לוּפֿט!.. מרים האָט געֶשפִּיעֶלט אוֹיף אַ פּוֹיק ווען דִי יוּדעֶן זעֶנעֶן אַרוֹיס פוּן מצרִים אִיךְ ווִעל שפִּיעֶלעֶן אוֹיף מײַן פִידעֶלעֶ מִיט הגדה נִיגוּן, וְכָל הַמַּרְבֶּה לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרַיִם הֲרֵי זֶה מְשֻׁבָּח.

**גִיטעֶלעֶ:** אִיהר שִיכּור! אִיהר פֿאַלשעֶר שבועה׳נִיק! אַרוֹיס פוּן מײַן שטוּב!.. (אויפטריט הדסה)

**גאָרגעֶל:** דוּ אַלטעֶ זוֹיעֶרטײַג! אַלטעֶר חמץ! דוּ מוּסט פֿעֶרבּרעֶנט ווערעֶן!

**הדסה:** גִיטעֶלעֶ!.. טהײַעֶרעֶ!.. הערט אִיהם נִיט!.. אִיךְ קעֶן שוועֶרעֶן מעֶן האָט אִיהם פֿעֶרפֿיהרט, זײַ האָבּעֶן אַלעֶ געֶטרוּנקעֶן! טאַטעֶניוּ! וואָס האָסטוּ געֶטהוּן?!..

**גארגעל:** וואָס האָב איך געטהון? אַ טרונק בראָנפֿען!.. נײַן סליִ־וואַטשניק!

**גיטעלע:** איך וויל פֿון גאָר ניט וויסען, ער טאָר אין מײַן שטוב מעהר ניט זײַן, גאָרגעל! אײַער פֿידעל האָט איהר מיט אײַך, אײַער פעקיל זאָלט איהר תיכף בעקומען און מײַן הויז מוזט איהר שוין פֿערלאָזען! איך וויל אַלסדינג טהון פֿון אײַערטוועגען, אײַך אונטערשטיצען צוליעב אײַער קינד, אָבער בײַ מיר אין הויז טאָרט איהר מעהר ניט זײַן!

**גארגעל:** פרעה מלך מצרים האָט אויך משה רבינו געשיקט רופֿען אום ערב פסח און איהם געהײַסען זיך אַרויסציהען פֿון זײַן לאַנד, די יודען זענען זיך אַרויסגעגאַנגען און פרעה איז דער־טרונקען געוואָרען אין ים, אויך איהר!..

**הדסה:** טאַטע, פֿאַר וואָס האָסטו אונז אונגליקליך געמאַכט?.. (וויינט)

**גארגעל:** האַ! מײַן קינד וויינט? הדסה, האָסט רעכט!.. זײַ גע־זונד!.. איך געה אַליין אין ים אַרײַן, דו בלײַב דאָ אויף דער יבשה (וויינט).

**הדסה:** נײַן טאַטע, אין דײַן אונגליק בין איך שולדיג! דורך מיר ביסטו געוואָרען דאָס, וואָס דו ביסט הײַנט.

**גיטעלע:** הדסה, בלײַב דו בײַ מיר ווי איך האָב מײַן זוהן צו גע־זאָגט. איהר ר' שלמה מוסט געהן, ווער עס שווערט פֿאַלש און שיכורט זיך אָן אין אַ פֿרעמד הויז, דער איז ערגער ווי אײַנער וואָס זיצט אין קרימענאַל, געהט!

**הדסה:** טאַטע, דאַנק די גוטע פֿרוי פֿאַר איהר גוטס, קום מיר געהען (ביידע אָב אויפֿטריט משולם).

**משולם:** איז הדסה אין איהר צימער?

**גיטעלע:** זי איז ערשט דאָ געווען, זי איז מן הסתם אין שטוב.

**משולם:** אַזוי לאָז מיך צו איהר גיך אַרײַן געהען.

**גיטעלע:** נאָך אײַדער דו האָסט דײַן מאַמען בעגריסט?!

**משולם:** זײַ מיר מוחל מאַמע. וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט הדסה?

**גיטעלע:** אָהן דיר וואָלטען מיר געהאַט אַ טרויעריגען פסח.

**משולם:** און הדסה וואָלט געווים אויך ניט פֿרעהליך געוועזען! מאַמע איך זאָג דיר, עס האָט אַפּיבער געברענט אין מײַן ברוסט נאָך איהר, איך האָב מיך ניט געקענט צוריקהאַלטען; איבער טהאָל, איבער בערג האָט עס מיך צו איהר געצויגען, יעדען טאָג וואָס איך בין געוועזען פֿון איהר דער ווײַטערט, האָט זיך מיר אויסגעוויזען אַ יאָהר, אָבער גאָט זײַ דאַנק איך בין שוין

אין דער היים און איך וועל הדסה זעהען (וויל געהען).

**גיטעלע:** האסט מיר גאר קיין נייעס געבראכט פון אונזער משפחה? פון די מומע לאה, פון דעם פעטער פנחס? וואס טהוט אונזער שוועסטערקינד שרה'לע, איז זי אזוי שיין ווי זי איז געווען?

**משולם:** א"ע לעבען, אלע זענען גליקליך! שפעטער וועל איך דיר פאדראבנע ערצעהלען, אבער איצט לאז מיך איך וויל הדסה'ן זעהן, דו ווייסט ניט ווי ליעב איך האב איהר! מאמע, האט זי אין דיינע אויגען חן געפונען? איז דיר איהר כאראקטער געפעלען? געוויס יא! איך ווייס אז זי ליידעט דורך מיר און איך וויל צו איהרע ליידען אסוף מאכען.

**גיטעלע:** אבער אן דיין מאמען וועסטו אויך ניט פערגעסען, מיינע ליידען וועסטו אויך ניט פערמעהרען?

**משולם:** יעדעס קינד מוז אמאל די מאמען פערלאזען, וואס איז? עפיס ביסטו מיר זעהר צוטראגען, מאמע איך האב מיך געגען דיר גאר ניט פערזינדיגט.

**גיטעלע:** איך וויל דיר עפיס זאגען, זי איז איצט זעהר צוטראגען זי וויל מיט איהר טאטען, דעם שיכור, אונזער הויז ערב פסח פערלאזען.

**משולם:** איך בין ניט געקומען מיט איהר טאטען חתונה האבען און ווען זי וויל מיט איהר טאטען אונזער הויז פערלאזען אזוי טהוט זי עס צו דער צייט, ווייל איך וויל מיט איהר חתונה האבען און אשוויגער מיט אשנור קענען זעהר זעלטען צו זאמען וואה-נען.

**גיטעלע:** איך האב אלם מוטער אלסדינג געטהון, איך קען ווייטער נישט העלפען. אט קומט זי מיט איהר טאטען דער שיכור ארויס, גאט שטארק מיין געדולד. (אב, הדסה ארעם מיט א פעקעל).

**משולם:** (לויפט איהר אקעגען) הדסה! מיין טהייערע וואס טהוסטו?

**הדסה:** דו ביסט שוין געקומען?

**משולם:** וואס איז דאס!? אזוי ארעם געקלייעדעט? מיט אפעקעל אין דער האנד?

**הדסה:** אזוי זענען די יודען ארויסגעגאנגען פון מצרים פון פרעה'ס הוי'.

**משולם:** איז מיין מאמעס הויז פאר דיר געווען גלות מצרים?

**הדסה:** האסטו מיין בילד אין דיין הארץ שענער געזעהען ווי איך זעה יעצט אויס אין דער ווירקליכקייט?!

**משולם:** די קליידער מאכען ניט דעם מענשען איך קען דיין גוט הארץ און דאס איז קיינמאל פון מיינע אויגען פערשוואונדען.

**הדסה:** איז דיר אויך מײַנע פֿערגאַנגענהײט שטענדיג פֿאַר דײַנע אויגען געווען?

**משולם:** וואָס געהט אונס אָן וואָס אַמאָל איז געווען, מיר לעבען איצט, מיר וועלען ווײַטער לעבען, דער הײַנט און דער מאָרגען זאָל אונזער לעבען זײַן, דער נעכטיגער טאָג איז בעגראָבען געוואָרען ווי די זון איז אונטערגעגאַנגען.

**הדסה:** ווי איז אָבער אַז דו וועסט געוואָהר ווערען אַז אין דעם קבר ליגט בעגראָבען אַזאַ קראַנקהײט וואָס קען יעדען טאָג ערשײַנען און דיך פֿערגיפֿטען?!

**משולם:** איך פֿערשטעה דיך ניט!

**הדסה:** האָסטו שוין ערפֿאַהרען אַלס וואָס מיט מיר האָט זיך געטראָפֿען אין די 17 יאָהר וואָס איך האָב דיר אויסגעפֿעהלט.

**משולם:** איך ווײס דו ביסט געווען אָרעם און עלענד, דאָס איז קײן בושה און איך ווײס אַז איך בין שולדיג געווען אין דײַן עלענד.

**הדסה:** מעהר ווי דאָס איז דיר ניט בעקאַנט?

**משולם:** נײן! אָבער איך בין גאַנץ זיכער אַז מײַן הדסה איז קײן שלעכטס בעגאַנגען... הדסה דו ציטערסט!.. (אויפֿטריט, זשאַנדאַר, שלמה, שפרה, גיטעלע).

**זשאַנדאַר:** הדסה גאָרגעל! איהר זײַט אײַנגעלאַדען אויף מאָרגען אין קרימינאַל־געריכט צו ערשײַנען.

**הדסה:** איך בין בערײַט! איך בין צוריק די נומער 49 טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט!

**גיטעלע:** מײַן האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, משולם געה אַוועק פֿון איהר! דו מוזט איהר פֿערלאָזען! זי איז אַפֿערברעכערין.

**משולם:** מאַמע וואָס זאָגסטו? דו ציטערסט!

**הדסה:** אמת דײַן מאַמע זאָגט קײן ליגען, איך בין 17 יאָהר אין קרימינאַל געזעסען אַלס קינדערמערערין.

**גיטעלע:** דאָ שטעהט פֿאַר דיר אַקינדערמערדערין וואָס איז געווען 17 יאָהר אין קרימענאַל ווײַל זי האָט איהר אין דײַן קינד ערמאָרדעט, אַמערדערען אַקרימענאַלניצע האָב איך אין מײַן שטוב געהאַלטען, מיט אַ אַלטען שיכור!

**משולם:** הדסה! קוק ניט וואָס עס איז מײַן מאַמע, זאָג איהר אין די אויגען אַז ס'איז ניט אמת איך וועל דיר גלויבען.

**הדסה:** יאָ! עס איז אמת!

**גיטעלע:** דאָ איז אַפּאַפּיער פֿון קרימענאַל געריכט וואָס מען רופֿט איהר מאָרגען צו אַ פּראָצעס... גיטעלע האָט זיך שײַן ערלעבט. (ווײנט)

**משולם:** הדסה, זאג ביסטו שולדיג?

**הדסה:** דאס וועט דיר דער נייער פראצעס מארגען זאגען, נור דאס איינע מוז איך זאגען אז אמאמע וועלכע עס גלויבט אז אמאמע קען איהר אייגען קינד ערמארדען מוז אליין קיין מאמע נישט זיין. (אויפטריט גארגעל).

**גארגעל:** זייט מיר מוחל איך האב מיר פערשפעטיגט ווייל איך האב מיך געמוזט זעגנען מיט דער גוטער שפרה'לען, קום לאמיר געהן.

**גיטעלע:** איהר געהט שוין ניט, מען וועט אייך שוין פיהרען, זעהט ווער עס איז דא!

**שפרה:** טהייערע הדסה פארלאזט אונז ניט.

**משולם:** געה הדסה איך וועל דיר ניט פערלאזען

**גיטעלע:** אויך איך וועל טהון וואס עס וועט זיין אין מיינע קרעפטען!

**הדסה:** לעבט וואהל (געזעגענט זיך מיט שפרה) זיי געזונד מיין טהייער קינד! (אלע וויינען, פאזיציאן).

(פארהאנג פאלט).

---

# פיערטער אקט.

(צימער ביי הדסה. גארגעל זינגט מיט משוררים).

**גארגעל:** נו חזן, ווי איז אייך געפעלען די קאמפאזיציאן?! איך מיין אז אזא „אתה זוכר" האט איהר נאך ניט געהערט, איך זאג אייך אז איהר וועט מיט דעם „אתה זוכר" אין אייער בית המדרש אויפטרעטען וועלען די בעלי בתים לעקען די פינגער, נור איהר מוזט מיר גוט בעצאהלען!

**חזן:** ר' שלמה, 30 גולדען איז גאר קיין געלד ניט, אט האט איהר שוין אייער געלד (גיט איהם) נור איך וועל אייך בעטען איהר זאלט מיר נאך עטליכע אזוינע זאכען מאכען, איך וועל אייך צאהלען וויפיעל איהר וועט אליין וועלען, אבי מאכט מיר פארטיג.

**גארגעל:** ביי מיר איז דער עיקר מזומן, נאטען שרייב איך וויפיעל איהר ווילט.

**חזן:** ר' שלמה! איהר זאלט מיר לעבען, זייט מיר מוחל וואס איך וועל אייך פרעגען — וואס איז געווארען דער סוף פון אייער מאכטער'ס פראצעס?

**גארגעל:** ווייס איך וואס עס איז געוועזן, ניט מעהר ווי א קינדער

שפּיעל, דאָס געריכט האָט פֿערלאַנגט עס זאָל זיין נאָך אַ פּראָ־צעס עס האָט זיך בעשיינפערליך אַרויסגעוויזען אַז מיין טאָכטער'ס קינד האָט מען לעבעדיגער־היד אַוועקגעגנבה'ט און איהר האָט מען אַ טויט קינד אונטערגעוואָרפֿען.

**חזן:** נו, און דער הולטאַי, דער בעקעריגס זונדעל מיין איך, וואָס טהוט ער איצט? מיר איז אַ חידוש וואָס ער בעט זיך מיט אייער טאָכטער ניט איבער!

**גארגעל:** עס זאָל זיך ווענדען אין איהם און אין זיין מאַמען, וואָלט ער שוין לאַנג מיט מיין טאָכטער חתונה געהאַט, מיין הדסה זאָל לעבען זאָגט אָבער גאַנץ איינפאַך, ביז זי וועט נישט געפֿינען איהר קינד ווייל זי ניט מיט איהם חתונה האָבען.

**חזן:** יאָ, אָבער לעבען!? אַ מענש מוז דאָך האָבען פֿון וואַנען צו־לעבען?

**גארגעל:** איהר זעהט דאָך פֿון וואַנען מיר לעבען, איך לעב פֿון מיינע זאַכען, און מיין טאָכטער לעבט פֿון איהרע זאַכען, זי מאַכט שטיקערייַ.

**חזן:** וואו האָט זי דאָס געלערנט? איך בעט אייך?

**גארגעל:** איהר זעגט דאָך אַ היימישער, מעגט איהר עס וויסען, אין די 17 יאָהר וואָס זי איז אונשולדיג געזעסען, האָט זי די מלאכה געלערנט, אַז איהר ווילט וועל איך אייך אַריינברענגען אַ שטיקעל פֿון איהר אַרבייט. וואַרט דאָ אוים אַ מינוט (אָב).

**חזן:** חאַ, חאַ, חאַ! גאָרגעל מיינט אַז זיינע קאָמפּאָזיציעס האָבען עפּיס אַ ווערטה, אָדער זיין טאָכטערס אַרבייט, דאָס גיט מיר די בעקערין געלד איך זאָל ביי איהם די קאָמפּאָזיציעס אָבקויפֿען, זי הייצט מיט זיי איין די אויווענס און איך מאַך דערביי אַ פּאָר גילדען און מסתמא קויפֿט זי די טאָכטערס שטיקערייַ אויך, נור וואָס געהט עס מיך אָן? איך בין ניט מעהר ווי אַ גוטער שליח, אָה, ער קומט! (אויפֿטריט גאָרגעל מיט שטיקעריי)

**גארגעל:** איהר זעהט? דאָ האָט זי אויסגעשטיקט אַ פֿויגעל פֿון ירושלים, עס האָט ביי איהר געדויערט 8 טעג, זי וועט בעקומען דערפֿאַר זיבער 10 אָדער 12 גולדען, נו וואָס פֿעהלט אונז?!

**חזן:** האָט איהר געהערט אַז די בעקערין געהט חתונה מאַכען דעם זוהן מיט דער מיידעל שפּרה'לע, וואָס זי האַלט ביי זיך?

**גארגעל:** יאַ איך האָב געהערט! מיין הדסה האָט צוזאַמענגעקליבען אַ פּאָר גולדען און ווייל דער כלה קויפֿען אַ פּאָר אויערינגלעך דרשה געשאַנק, זי האָט דאָס מיידעל זעהר ליעב.

**חזן:** נו, און איהר וועט געהן אויף דער חתונה?

**נארגעל:** פֿאַר וואָס ניט?

**חזן:** ווע‍לען מיר זיך אויף דער חתונה זעהען, אַ גוטען טאָג! זעהט נאָר ר' שלמה מאַכט מיר עפּיס נײַע קאָמפּאָזיציעס (אָב מיט די משוררים).

**נארגעל:** ווען איך בין געוועזן חזן, בין איך געוועזן אַ דראָנג, און איצט לעקט מען נאָר די פֿינגער פֿון מײַנע זאַכען, וואויל איז דעם מענשען וואָס בעגליקט איהם אויף דער עלטער, דאָס האָב איך צו פֿערדאַנקען וואָס איך האָב אויפֿגעהערט צו טרינקען, פּשוט דער קאָפּ איז מיר פֿרײַ. (אויפֿטריט הדסה)

**הדסה:** אַ גוטען אָבענד טאַטע, 15 גולדען האָב איך גענומען פֿאַר די שטיקערײַ.

**נארגעל:** און איך האָב דאָ גענומען 30 גולדען פֿאַר מײַן אַתּה זוכר, געלויבט איז השי"ת אַז מיר דאַרפֿען צו דער בעקערין נישט אָנקומען.

**הדסה:** טאַטע, איך וויל דיר עפּיס זאָגען וואָס עס וועט דיך איבער־ראַשען, געהענדיג אַהער האָב איך בעגעגענט אַ שליח פֿון משולם'ן און ער האָט מיר געזאָגט אַז משולם וועט דאָ באַלד זײַן, ער וויל מיט מיר עפּיס רעדען.

**נארגעל:** ער וויל אונז אַ וודאי בעטען אויף דער חתונה, נו, נו עס מאַכט נישט אוים. איך וויל אהין געהן אין צווייטען חבֿר דער־חייל מאַכען אפּאָר קאָמפּאָזיציעס. (אָב)

**הדסה:** גאָט ווייסט דעם אמת איך וואָלט עס איהם נישט ערלויבט, נור דאָס רחמנות אויף איהם איז אין מיר נאָך נישט אָבגעשטאָרבען איבערהויפּט נאָך יעצט אַז גאָט האָט מיר געהאָלפֿען, מײַן אונשולד איז קלאָר בעוויזען געוואָרען, און די האָפֿנונג מײַן קינד נאָך לעבענדיג צו געפֿינען די מאַכט מיך גליקליך. (זינגט)

וויִ גליקליך בין איך אַ צינד
יאָ גליקליך גאָר אָהן אַ שיעור,
ריין בין איך פֿון יעדער זינד
ווער קען דען גאָר פֿיהלען יעצט
וואָס עס געהט פֿאָר אין מײַן הערצען בײַ מיר.
איינזאַם פֿון אַ יעדען
בין איך געוועזען אַ צײַט גאָר
נישט געוואוסט פֿון קיין פֿריידען
גאַנצע 17 פֿינסטערע יאָהר.
ווי גרויס איז געוועזן מײַן זינד
וואָס איך האָב דורך געלעבט
ערמאָרדעט האָב איך מײַן איינציג קינד,
און איך אַליין האָב דאָס געגלויבט.

נור יעצט האָב איך די פֿריידע ערלעבט
דאָס מיין קינד לעבט
ווי גליקליך בין איך אַ צינד
צו זיין אַ מוטער פֿון אַ קינד. } (ב"ים)

יעצט מיין ליעבער מאַן וועל איך ניט רוהען
זוכען מיין איינציג קינד
דען צוזאַמען, קענען מיר ניט זיין אַ צינד!
יאַ, יאַ, יאַ, מיינע האָפֿנונג איז נאָך ניט פֿערשוואונדען
און מיין לעבען לאַנג וועל איך מיין קינד זוכען,
יאַ, יאַ, יאַ, מיין קינד לעבט
יאַ, יאַ, יאַ, מיין קינד לעבט אַ צינד
העלף מיר גרויסער גאָט אין מיין נויטה! (אויפטריט משולם)

**הדסה:** נו וואָס בּיסטו אַזוי געבּליעבען שטעהן? איך האָב דיר איינמאָל געזאָגט, איך האָב צו דיר גאָר נישט, איך האָב דיר אַלסדינג פֿערציהען!

**משולם:** איך דאַנק דיר דאַפֿיר הדסה! איך קען דיין האַרץ איך ווייס וואָס פֿאַר אַ שאַטץ איך פֿערליר, נור ניין! די ליעבע צו דיר קען איך אויס מיין האַרץ ניט אַרויסרייסען.

**הדסה:** פֿערגעס אָן מיר! זוך אונזער קינד צו געפֿינען, ווערסט דו קענען פֿאַררעכטען דאָס וואָס דו האָסט געגען מיר פֿערבראָכען, איך בּין זיכער אַז אונזער קינד לעבט ערגעץ.

**משולם:** איך בּין מודה, זעהר גרויס איז געוועזען מיין פֿערבּרעכען געגען דיר, אָבער איך בּעט דיך, נאָך איז צייט זאָלסט זיך איבּער מיר ערבּאַרמען, די מאַמע צווינגט מיך איך זאָל מיך פֿערשלייערען זי מיינט דערמיט וועט זי די לייטען די מויל פֿער־שטאָפּען, זי וויל מיך און דאָס יונגע קינד אויפֿס נייע עלענד מאַכען, אָבער די גאַנצע וועלט געהט מיך ניט אָן, ווען דו זאָלסט מיר נור זאָגען „משולם איך קען דיך נאָך ליעב האָבּען"! הדסה! קוק מיך נישט אָן מיט אַ בּייזען בּליק וואָס בּעשטראָפֿט און פֿערניכטעט מיך, דרעה דיך נישט אַוועק פֿון מיר, קוק מיך אָן מיט רחמנות, האָב מיטלייד אויף דעם צוּבּראָכענעם זינדער.

**הדסה:** מיין ליעבּע איז טוידט אַזוי לאַנג מיין קינד איז טוידט פֿאַר מיר. געה צו דיין מאַמען, האָב חתונה מיט דער וואָס זי גיט דיר, אַזוי גוט ווי דו האָסט פֿערלאָזט די וואָס דיין טאַטע האָט דיר געהייסען, מעהר קען איך דיר נישט העלפֿען.

**משולם:** ניין הדסה! דו קענסט מיר העלפֿען, גיעב מיר דיינע ליעבּע צוריק.

**הדסה:** וואָס טויג דיר די ליעבּע פֿון אַ אַלטע קרימענאַלניצע פֿון

אַ אָרעמער גאַסענזענגערין, פֿון אַ שיכּורים אַ טאָכטער? און ווידער דיין ווייב הדסה קען דיך נאָך אפֿשר ליעב האָבען, די מוטער הדסה, אָבער מוז דיך פֿעראַכטען.

**משולם:** הער אוים הדסה! איך האָב יעצט איין ברירה ענטוועדער צו געהען חתונה האָבען מיט שפרה׳לען אָדער זעהן ווי מיין מאַמע שטאַרבט דורך איהר אייגענע האַנד, דען מיין מאַמע האָט גע־שוואָרען אינפֿאַלם איך וועל ניט חתונה האָבען מיט שפרה׳לען וועט זי זיך דאָס לעבען נעהמען און איך וויל פֿון ביידעס אוים־קלויבען אַליין צו שטאַרבען!..

**הדסה:** משולם! די האַנד און דער האַלז זענען 2 גוטע ברידער, זיי טהוען זיך איינם דאָס אַנדערע קיין שלעכטס ניט, איך גלויב ניט אַז אַמענש זאָל זיך אַליין דאָס לעבען נעהמען, סיידען ער איז משוגע און דאָס גאָט זיי דאַנק זענט איהר נאָך ביידע נישט, געה האָב חתונה און גענוג איך האָב קיין צייט ניט צו דענקען וועגען חתונה האָבען, צו ערשט מוז איך זוכען מיין קינד צו געפֿינען.

**משולם:** האָסט רעכט הדסה! צו ערשט מוזען מיר זוכען אונזער קינד צו געפֿינען, איך וועל מיין לעבען מקריב זיין דאַפֿיר! אָבער קענסט דו מיר נישט זאָגען עפּים סמנים? איך קען דאָך ניט זוכען סתם אין דער וועלט אַריין אַ קינד!

**הדסה:** דאָס קינד האָט מרים געהייסען, געהאַט האָט זי שוואַרצע האָר און ביים רעכטען אויער האָט איהר דאָס לעפֿעלע געפֿעלט.

**משולם:** האַ?! ביים רעכטען אויער האָט איהר דאָס לעפֿעלע גע־פֿעלט?!.. הדסה! אונזער קינד!.. (אָפּאַרט) ניין, ניין!. איך טאָר איהר דאָס ניט זאָגען... הדסה! איך שווער דיר אַז ביז 24 שעה זאָלסטו אונזער קינד ביי דיר האָבען, זייַ געזונד (אָב אויפֿטריט גאָרגעל).

**גאָרגעל:** דו ביסט ווערטה איך זאָל דיר אַ קוש געבען, ווען מרים הנביאה האָט גענומען דעם פּויק אין האַנד האָט זי די יודען ניט אַזוי צוגעקלאַפּט צום טאַקט ווי דו האָסט איהם צוגעקלאַפּט, ער האָט עם עהרליך פֿערדיענט.

**הדסה:** איצט טאַטע טהו דיך שעהן אָן און לאָמיר געהן צו אונזער פֿריינדין אויף חתונה.

**גאָרגעל:** ווען איך זאָל אַפֿילו וויסען אַז מיר וועלען האָבען אַ עליה צו ביי דער אַלטער צו ביי איהם, געהן מוזען מיר! קום טאָכטער! (אָב) —

פֿערוואַנדלונג.

(זאָל בײַ גיטעלען)

**שפרה:** פֿאַר וואָס מומעניו אַזוי שפּעט ?!..

**גיטעלע:** פֿון הײַנט אָן מײַן קינד זאָלסטו מיך שוין רופֿען מאַמע אָדער שוויגער. מײַנע ליעבע געסט זאָלען מיר מוחל זײַן וואָס איך האָב מיך פֿערשפּעטיגט, ווײַל איך האָב נאָך פֿיעל געהאַט צו בעזאָרגען.

**שלמה:** אוודאי! אַז מען איז אַ מחותּן פֿון בײדע צדדים, קען מען זיך ניט צורײַסען, ווען שפּרה'לע זאָל אָבער חתונה האָבען מיט אײנעם פֿון אונזערע און אײער זוהן מיט אײנער פֿון זײַניגע וואָלט איהר ניט בעדאַרפֿט אַזוי אַרום טאַנצען, נאָר דאָס הערץ איז מיר נאָך גרינג, איך זעה נאָך ניט דעם חתן אין דעם הײם.

**גיטעלע:** זײַ נאָר ניט קײן שײגעץ.

**שלמה:** איך מוז זײַן! ווײַל שפּרה'לע איז מײַנע געווען און איהר האָט איהר פֿון מײַנע הענד אַרויסגעריסען.

**גיטעלע:** דאָס הײַסט צופֿיעל חוצפּה!

**שלמה:** דאָס הײסט נאָך צו ווייניג, פֿערגעסט ניט בעקערין אַז מיר זענען דאָ לויטער הײמישע מענשען, פֿאַר זײ איז דאָס קײן סוד אַז שפּרה'לע האָט מיך ליעבער פֿון אײער זוהן אײ וואָס? למאי פּעטרושקאַ!.. בעסער שווײַגען!..

**שפרה:** שלמה'לע! עפּיס רעדט פֿון דיר איצט ניט דער גרויסער שלמה המלך, מען זעהט אַז עס פֿערדריסט דיך, אָדער איך זאָג דיר אַז דו זאָגסט ליגען, ווײַל איך האָב קײנעם ניט ליעב, איך טהו נאָר, וואָס מײַן מוהמע הײסט מיר! אַ סימן האָסטו לאָז זי מיר זאָגען — שפּרה האָב חתונה מיט'ן מלאך המות, חאַפּ איך דיך שוין אַרום און געה מיט דיר אונטער דער חופּה. (אַלע לאַכען)

**שלמה:** נו פֿון מײַנעט וועגען זײַ דו הײַנט די חכמה, שלמה המלך האָט שוין לאַנג געזאָגט: „אשת חיל מי ימצא" מאַכט די עברי טײַטש אַז עס איז באַשעה"ט אַ צרה קומט זי אין שטוב אַרײַן, איך טהו מײַנס איך בין אָנגעגרײט, וועט יענער חתן ניט קומען אַזוי בין איך דאָ.

**שפרה:** און אַז די מוהמע וועט ניט וועלען?

**שלמה:** עט! אַ חופּה איז ווי אַ קבר, קוים האָט מען אויסגעגראָבען מוז מען אַרײַנלעגען, האָט מען אַ חופּה געשטעלט מוז מען אַ פּאָרעל אַרונטער פֿיהרען און אַז מען דאַרף דעם גנב, נעהמט מען איהם אַראָב פֿון דער תּליה.

**אײנער:** לאָז זײַן שטיל איך זעה די בטלנים קומען אָן.

**שלמה:** עס מעגען קומען 100 בטלנים, אבי דער חתן זאל נישט קומען.

**גיטעלע:** דאס זאל דיר דאס לעצטע מאל זיין!.. דער חתן וועט שוין קומען. (אויפטריט 4 בטלנים זינגען)

מיר זענען די שנארערלעך פיער
וואס וויסען ניט פון קיין שעהמען
מיר געהען פון טיהר צו טיהר
און האלטען אין איין נעהמען
מיר נעהמען, מיר נעהמען אהן א סוף
ביז צו געבען הערט מען אויף } בים
אוי נעהמען מיר!..

(אויפטריט משולם פערשאפעט).

**גיטעלע:** וואס איז מיט דיר מיין טהייערער זוהן,

**משולם:** וואו איז די כלה? וואו איז שפרה'לע?!

**גיטעלע:** גאט איז מיט דיר! זעהסט איהר ניט? אט זיצט זי דאך.

**משולם:** (פאלט שפרה'ן אויפ'ן האלדז) מיין, מיין ביסטו אויף אייביג!. קיין קראפט אין דער וועלט קען דיך פון מיר אוועק רייסען!..

**גיטעלע:** מיין טהייערער זוהן! דערפאר וואס דו פאלגסט דיין מא-מען זאל דיר גאט געבען ברכה און הצלחה וואו דו וועסט זיך קעהרען און ווענדען.

**שלמה:** איצט האבען מיינע חכמות אויפגעהערט, איך האב איצט א פנים ווי שלמה המלך ווען ער האט זיך בענארישט.

**שפרה:** מוהמע גיטעלע, איך שעהם מיך פאר די בעקערויונגען, קוקט אן וואס פאר א פנים מיט רויטע באקען משולם האט מיר געמאכט.

**משולם:** מיינע ליעבע געסט! אויך דו מיין ליעבע שפרה'לע געהט אין אנדערען צימער אריין, איך האב מיט דער מאמען אליין עפיס צו רעדען.

**שלמה:** נו אז מען הייסט געהען, קומט! — שפרה'לע דו שטעהסט נאך אונטער מיין שוץ. איך גיעב דיך נאך ניט אויף. קום!..
(אלע אב, משולם וויינט).

**גיטעלע:** וואס איז דיר מיין זוהן, וואס בעדייטעט דאס געוויין?

**משולם:** מאמע! פאר דער חופה מוז מען וויסען דעם אמת'ן נאמען פון דער כלה, ביזט דו זיכער אז איהר נאמען איז שפרה?

**גיטעלע:** ניין! איהר אמת'ער נאמען איז מרים! נור ווען דער טא-טע ז"ל האט איהר אונס צוגעשיקט, האט ער מיר געשריבען אז דאס קינד הייסט מרים, אבער רופען זאל מען איהר שפרה'לע,

פאַר וואָס, האָט ער מיר געשריבען וועט ער מיר זאָגען ווען ער וועט אַהיים קומען, נאַר גאָט האָט אַנדערש געוואָלט, ער איז ניט אַהיים, געקומען, און דער סוד בלייבט אַסוד אויף אייביג.

**משולם:** ניין, מאַמע!.. דער סוד איז ענטדעקט! גאָט זאָל עס איהם אויף יענער וועלט מוחל זיין! נישט די אָרעמע הדסה האָט פערדינט 17 יאָהר אין קרימענאַל צו זיצען, ניין איין אַנדערער האָט דאָס פערדינט. דער מערדער פון הדסה'ס גליק, דער צער־שטערער פון איהר לעבען, דער רויבער פון אונזער קינד איז קיין אַנדערער געווען ווי מיין אייגענער.. טאַטע!.. גאָט! שטראָף מיך ניט פאַר די רייד!..

**גיטעלע:** משולם, דו ביזט אַ פנים פון זינען אַראָב! עס רעדט פון דיר אַ רוח פון שיגעון?!

**משולם:** אַרוח פון שגעון האָט מיין טאַטען צו דער מערדעריי געפיהרט.

**גיטעלע:** שוויַיג אויסגעלאָזענער זוהן! מיט מיינע הענד וועל איך דיר דערווערגען! דו וואגסט צו שענדען דיין טאַטען ז"ל?!..

**משולם:** זכרונו לברכה?! ניין! זיין אַנדענקען איז צו שאַנד און שפּאָט! זיין גרויסקייט האָט אַיודישע טאָכטער אין דער תפיסה אַריין געבראַכט! מאַמע, ווייסטו ווער עס האָט געגנבהט דאָס קינד ביי הדסה'ן?.. מיין אייגענער טאַטע!.. און ווייסט דו ווער דאָס קינד איז?!.. שפּרה'לע!.. מיט וועלכער דו ווילסט מיך היינט חתונה מאַכען, מיין אייגען קינד, מיין בלוט און פלייש. דאָס קינד פון מיין אָרעמער געמאַטערטער הדסה!..

**גיטעלע:** מיט וואָס קענסטו עס מיר בעווייזען?

**משולם:** זי הייסט מרים!.. מרים האָט געהייסען אונזער קינד, איהר פעהלט דאָס לעפעל ביין רעכטען אויער, הדסה'ס קינד איז מיט דעם פעהלער געבאָרען געוואָרען. אַם ערשטען טאָג חוה"מ פסח פאַר 17 יאָהר האָט דער טאַטע דאָס קינד אונז צוגעשיקט און אין דעם טאָג האָט עס עזריאל גנב ביי איהר אוועקגעגנבה'ט! נו? נאָך מעהר בעווייזע ווילסטו האָבען?

**גיטעלע:** אַך! איך האַלט די בושה נישט אויס! מיין מאַן איז טוידט ער קען זיך נישט פערענטפערען!.. עס וועט מיר פינסטער און די אויגען!.. גאָט שיץ מיך פון שגעון!

**משולם:** מאַמע!.. מאַמעניו!.. דו ביזט נישט שולדיג דו ביזט ריין ווי אַמלאַך!.. מאַמע קום צו דיר!.. קום צו דער טיהר דאָרט איז פרייער די לופט!.. איך שווער דיר, הדסה וועט ניט ערפאַה־רען ווער דער רויבער פון איהר קינד איז געווען.

**גיטעלע:** שוויַיג! זי קומט אַהער, ווישׁ אָב די טרעהרען פון דיינע אויגען, שווער מיר זי זאָל עס ניט דערוויסען.

**משולם:** איך שווער עס דיר בײַ גאָט און בײַ מײַן ליעבּע צו מײַן הדסה

**גיטעלע:** אָבער דײַן פּנים ווערט עס איהר אויסזאָגען, דאָס פּנים איז אַ מסור!

**משולם:** נײַן, נײַן!.. זעה מאַמוניו ווי איך לאַך (לאַכט) חאַ, חאַ, חאַ (אויפטריט הדסה).

**הדסה:** מזל טוב אײַך גיטעלע! מזל טוב חתן! עס זאָל זײַן אין אַ גוטער שעה!

**גיטעלע:** עס פּרעהט מיך הדסה וואָס דו ביסט געקומען חאָטש אומגעבעטען.

**הדסה:** איהר האָט מיר קײַן שלעכטעס געטהון. און שפּרה'לען האָב איך ליעב ווי אַ אײַגען קינד, צו איהר התונה וואָלט איך געקומען ווען איך זאָל אַפילו וויסען אַז מען ווערט מיך אַרויס וואַרפען.

**גיטעלע:** איך וואַרף קײַן מענשען ניט אַרויס.

**גארגעל:** (הינטער דער טיהר) אַרײַנקומען טאָר איך ניט, ווײַל גיטעלע האָט געשוואָרען איך זאָל איהר שוועל ניט איבערטרעטען אָבער אין דרויסען מעג איך די כּלה אָנשפּילען אַ שענעם דאָבראַניטש.

**גיטעלע:** איהר מעגט שוין אַרײַן קומען, ווײַל דאָס הויז געהער שוין ניט מעהר צו מיר איך שענק עס אַוועק מײַן זוהן דרשה־געשאַנק.

**הדסה:** אַז איהר האַלט שוין בײַם דרשה־געשאַנק, אַזוי בעט איך אײַך איהר זאָלט מײַן דרשה־געשאַנק וואָס איך האָב דער כּלה געבראַכט, אויך ניט צוריק ווײַזען! גאָט זײַ דאַנק, איך האָב פון מײַן האַנדאַרבײַט געקענט אָבשפּאָרען און איך האָב דער כּלה געקויפט אַ פּאָר אוירינגלעך, אָט זענען זײַ, זאָל זי עס טראָגען געזונדערהײַט.

**גארגעל:** און איך האָב פערפאַסט אַ נײַעם דאָבראַניטש מיט אַ מזל טוב פון איהרעט וועגען, די שטאָדט זאָל מיט איהם קלינגען.

**הדסה:** נו; איהר ווילט מײַן מתנה פערשעהמען?!..

**משולם:** נײַן, הדסה! שפּרה'לע ווערלכע דו ווילסט די מתנה געבּען קען די אוירינגלעך ניט טראָגען, ווײַל עס פעהלט איהר בײַם רעכטען אויער דאָס לעפּעלע, זי איז מיט דעם פעהלער געבוירען.

**הדסה:** (ערשראָקען) איז דאָס אמת וואָס מײַנע אויערען הערען!

**גיטעלע:** יאָ, איהר נאָמען איז מרים, זי איז דײַן קינד, דו זאָלסט איהר זעהען (אב)

**הדסה:** מײַן קינד?!.. מרים?!.. זי לעבט!

**משולם:** אונזער קינד, ווערלכע מען האָט בײַ דיר אַוועקגענבה'ט לעבּט פון מײַן מאַמעס הענד זאָלסטו איהר צוריק בעקומען.

**הדסה:** און וועלכע האַנד האָט דאָס געגנבה'ט?!!

**גארגעל:** ווען יעקב אָבינו האָט דערזעהן יוסף'ן אין מצרים האָט ער ניט געפרעגט וועלכע האַנד עס האָט זיין קינד ביי איהם אוועק־געראַבט, ער האָט נאָר אויסגערופען איצט מיין קינד אַז איך זעה דיין לעבענדיג פנים, מעג איך שוין שטאַרבען.

**משולם:** ניין!.. ניין!.. לעבען! לעבען זאָלען מיר אַנהויבען. הדסה דו פערציַיהעסט מיר און דעם וואָס האָט געגען דיר געזינדיגט?..

**הדסה:** צו ערשט וויל איך מיין קינד אומאַרמען, און דאַן דיר מיין האַנד געבען. (אויפטריט שלמה, כאר, שפרה לויפט אריין)

**שפרה:** וואו איז מיין מאַמע? מיין טהייערע מאַמע!

**גיטעלע:** דאָ (צייגט אויף הדסה) אָט שטעהט דיין מאַמע. דיין טאַטע (צייגט אויף משולם'ן) און איך, בעטען דיר דו זאָלסט איהם בעטען זי זאָל אונז אַלע מוחל זיין.

**שפרה:** מאַמעניו! מיינע טהייערע מאַמעניו (צווישען זיך) זעה ווי דער טאַטע שטעהט און וויינט, בעט דיך איבער מיט איהם!

**הדסה:** מיין קינד! מיין טהייער קינד אין דער מינוט וואָס גאָט האָט דיך מיר צוריקגעגעבען בין איך מוחל די גאַנצע וועלט. (גיט משולם'ן איהר האַנד).

**שלמה:** נו אַז ער איז דער טאַטע, בין איך דאָך דער חתן

**גארגעל:** אַ שאָד וואָס איך האָב ניט פערפאַסט אַ דאָפּעלטען מזל טוב.

**שלמה:** די חופה טאָר אָבער לעדיג ניט שטעהן, שפרה'לע זאָג פאַר מיר אַ גוט וואָרט.

**שפרה:** יאָ טאַטע! יאַ מאַמע! איך האָב שלמה'לען שוין לאַנג ליעב.

**גארגעל:** נו וועט מען שטעלען 2 חופות ביי איין מזל טוב. (מען פיהרט משולם'ן מיט הדסה'ן און שלמה'ן מיט שפרה'ן אונטער דער חופה, כאָר זינגט).

